


חברי הועד של ארגון יוצאי פרושקוב בישראל:

אופוזדובר מנשה
גוטוביץ אפרים
זילברברג יעקב
זילברברג מרדכי
נפרסטק דן

# ה ת ו כ ן

## ג) בימי חורבן ושואה

# רשימת התמונות

# פתח דבר

לפני עשרים וחמש שנה, בערב חורפי קר ומקפיא, נעצרה לפני הכניסה לגיטו היהודי בפרושקוב משאית־צבאית גרמנית. לפי פקודה קפצו ממנה ז׳נדרמים גרמנים ושוטרים פולנים ובן רגע תפסו עמדות מסביב לגיטו. נקרא ראש ועד־היהודים וניתן הצו: למחרת בבוקר ייחסל הגיטו. על היהודים להתכונן להעברה לורשה.

בבוקר השכם ניצבו גברים, נשים וטף, צרורותיהם בידיהם, ליד השער. הגיעו משאיות אשר הסיעו אותם עד פסי־הרכבת. שם חיכו להם קרונות משא. לפני עליתם לקרונות עוד היה עליהם לעבור מתחת למקלחת של מים חמים, לשם חטוי. אחר־כך זזה הרכבת ואחרי מסע של שעות הגיעו היהודים לגיטו היהודי אשר בורשה.

בזה תמו תולדות הקהילה היהודית בעירנו. אמנם לא נשלמו לגמרי, שכן עוד במשך תקופה קצרה המשיכה הקהילה את חייה בורשה, וכאחת עם מאות אלפי יהודים אחרים שהושלכו לעמק הבכא הזה, נאבקה עוד חודשים מספר עם הגורל. אבל היה זה מאבק שלפני המוות. והקהילה שלנו בתוך הגיטו היתה דומה לאותו השתיל הנעקר מאדמתו וניטע במקום חדש, שבו שוב אין השורשים מוצאים את מזון החיים והעלים אינם קולטים את אור השמש, וסופו להתנוון. נאבקו היהודים עם הרעב, עם המחלות המרובות; נלחמו בגבורה עם האויב האכזרי — והושמדו יחד עם אחיהם בטבח הגדול של יהודי פולין.

צעירה לימים היתה קהילתנו, בין הקהילות הצעירות שבפולין, ולא זכתה להתקיים אלא שניים־שלשה דורות. גם קהילה קטנה היתה — כ־200 משפחות בלבד, מוקפות המון רב של שלשים אלף גויים. אך למרות שימיה היו קצרים כל כך ומספר נפשותיה כה מצער — מה עשירה היתה יצירתה!

כדרך כל קהילה בישראל היו מצויים גם אצלנו רב ושוחטים, חזן ומלמד, בית־כנסת ומקוה, חדר ובית־קברות. אך בזה לא די. היה גם בית ספר עברי חדיש; שתי ספריות ובהן אלפי ספרים; חוג דרמתי, ששמו הלך לפניו ושהיה מעלה שלשה־ארבעה מחזות לשנה; מועדון לספורט; מפלגות פוליטיות ואגודות בעלי־מלאכה; „החלוץ״ ותנועות

נוער; קיבוץ־הכשרה וחוגים לעליה, ועוד. וכל זה נוצר בתקופה של שפל כלכלי ושל שנאת יהודים שהיתה מעבירה את שכנינו על דעתם.

והנך עומד ותוהה: מנין שאבו את כוחות היצירה שלהם „בין מצרי שאול ומצוקות שחת, בין עקרבים"? מנין כוח הברזל אשר חישל אותם במאבק היום־יומי והוסיף עוז ורצון לבנות חיים של תרבות ולא לוותר על התקוה לחיי אחווה וחירות בעתיד הקרוב לבוא? האם כל זה נבע מתוך האופטימיזם היהודי הידוע, מתוך האמונה באדם כי טוב הוא, או מתוך האינסטינקט הלאומי שמאז ומעולם צווה עלינו שלא להכנע ולהאמין בביאת המשיח, אף־על־פי שיתמהמה?

ונאבקו, ונלחמו, ונאחזו בצפורנים — וסופם שהושמדו בידי אויב שלא ידע רחם.

ונשארנו רק אנחנו. 40—50 המשפחות במדינתנו ועוד כעשר משפחות מפוזרות בארצות אחרות. אודים מוצלים משריפה. והחלטנו להקים מצבה ראויה לקהילתנו. מצבה־ספר אשר בו אנו משתדלים לצייר את פני הקהילה; לתאר את חייה; לספר על אנשיה ועל מעשיה; להזכר בימי ילדותינו, ובעיקר — לספר לילדינו ולדורות הבאים על דור בתולדות ישראל שהיה ואיננו עוד; דור של יהודים עניים אך גאים, נדכאים אך מחזיקים מעמד תוך קשיים אל־אנושיים; דור יוצר ושומר על גחלת עברו; דור, השולח את בניו ובנותיו לבנות חיים חדשים בארצנו והמחנך את ילדיו למעשי־גבורה בתוך חומות הגיטו ויערות פולין.

כזה היה הדור אשר לו מוקדש ספר זה.

דוד ברודסקי

י׳ טבת, תשכ"ו.

מנשה אופוזדובר

# בלעטלעך געשיכטע פון דער אַלטער היים

בדחילו ורחימו ובחרדת קודש — מיט אַ שווער געמיט און פיל צוויפל האָב איך גענומען אויף זיך די אויפגאַבע צו באַשרייבן אין קורצן די אַנטשטייאונג, דאָס לעבן, און די אַנטוויקלונג פונעם יידישן ישוב אין פּרושקאָוו. איך ווייס, אַז די דאָזיקע אויפגאַבע איז איבער מיינע כוחות; איך בין נישט קיין פּראָפעסיאָנעלער שרייבער און זיכער נישט קיין היסטאָריקער און איך בין נישט אימשטאַנד אויס־צופירן די אַרבעט בשלמות.

ניט ווי אין אַנדערע שטעט, איז ליידער וועגן דער אַנטשטייאונג און טעטיקייט פון אונדזער קהלה, נישט פאַרבליבן קיין דאָקומענטן וואָס וואָלטן מיר געקענט העלפן אין מיין אַרבעט. די איינציקע עדות, וואָס זענען פאַרבליבן, זענען די 60—70 משפחות אין ישראל און נאָך געציילטע פּרושקאָווער צעוואָרפן אויף דער גאַנצער וועלט. און מיט זייער הילף, געשטיצט אויף פּערזענלעכע שמועסן מיט מיין שווער יצחק גוטאָוויטש ז״ל און אויף מיין אייגענעם זכרון, נעם איך אויף זיך די דאָזיקע אויפגאַבע, ווייסנדיק פאָרויס, אַז די אַרבעט וועט ליידן פון פיל חסרונות.

נאָך אַלעמען פיל איך, אַז דאָס איז אַ הייליקע אויפגאַבע, צו פאַראייביקן אַ יידישן ישוב, אונדזער געבורט־שטאָט, אונדזער קהילה, וואָס איז געווען אַ טייל פון דעם גרויסן נאַציאָנאַלן פּוילישן יידנטום און וואָס האָט געטיילט זיין גורל ביזן לעצטן מאָמענט. איך האָף, אַז צוזאַמען מיט די אַנדערע אַנטיילנעמער פון דאָזיקן בוך, וועל איך באַווייזן צו געבן פיל ווייניק אַ געטריי בילד פונעם יידישן לעבן אין פּרושקאָוו. איך האָב אָבער אויך מורא, אַז טראָץ מיינע בעסטע כוונות, וועלן פיל פון אונדזערע קדושים, געפאַלענע עסקנים, כלל־טוער און סתם גוטע יידן, באַוואולהט ווערן ביים שרייבן די שורות און איך בעט ביי זיי אין פאָרויס סליחה ומחילה.

## אַלגעמיינער איבערבליק

די שטאָט פּרושקאָוו געפינט זיך בערך 17 ק״מ צו מערב־זייט פון וואַרשע. די שטאָט ווערט דורכגעשניטן דורך אַ שמאָל טייכל, אוטראַטע, וואָס פאַלט אַריין

אין דער בזורע און שפּעטער אין דער ווייסל. אויף דעם טייכל איז געשטאַנען די איינציקע מיל און לעבן איר אַ הילצערנע בריק, וואָס האָט פֿאַראייניקט דעם דרום־טייל מיט זשביקאָוו, טוואָרקי און אַנדערע פֿאָרשטעט. דאָס טייכל האָט אַרומגערינגלט די שטאָט. אין צווייטן עק שטאָט געפֿינען זיך די שיינע אַלייען, דאָס ראָמאַנטישע ווינקל פֿון שטאָט. דאָרט איז אויך געווען דער „באַבסקי דאָלעק", אַן אָפּשניט פֿון טייך ווו עס האָבן געקאָנט זיך באָדן די, וואָס האָבן נישט געקענט שווימען און אויך די יידן, וועלכע האָבן מורא געהאָט צו גיין ווייטער צו די „גליי־ניאַנקעס", ווו מע האָט געקענט כאַפּן קלעפּ פֿון כוליגאַנעס. אָבער אויך אויף דעם „זיכערן" אָרט פֿלעגט נישט איין יידיש ייִנגל אַהיימקומען צעשלאָגן.




די שטאָט פּרושקאָוו איז גאָר אַ יונגע. ביזן סוף פֿון 19טן יאָרהונדערט זענען דאָס געווען עטלעכע דערפֿער מיט אייגענע דאָרפֿס־אָרגאַנען. אַ גרויסער טייל פֿון דעם לאַנד האָט געהערט צום גראַף פּאָטוליצקי. ערשט אין 1918 האָט מען די אַלע דערפֿער פֿאַראייניקט אין איין שטאָט, פּרושקאָוו. די שטאָט איז געווען אַ וויכטי־קער פּונקט אויף דער באַן־ליניע, וואָס האָט פֿאַראייניקט וואַרשע מיטן מערב. דאָ זענען געווען איינע פֿון די גרעסטע באַן־וואַרשטאַטן און גרויסע רעמיזעס. די לעצטע יאָרן פֿאַר דער מלחמה איז די באַן עלעקטריפֿיצירט געוואָרן און פּרושקאָוו האָט באַקומען אַ דירעקטע פֿאַרבינדונג מיט אָטוואָצק, אויף דער מזרח־זייט פֿון דער ווייסל. אַחוץ דער הויפּט באַן־ליניע איז אויף דער מזרח־זייט פֿון שטאָט דורכגעגאַנגען אַן עלעקטרישע באַן־ליניע, וואָס האָט פֿאַרבינדן וואַרשע מיט טוואָרקי, פּרושקאָוו, פּאָדקאָוואַ־לעשנאַ און גראָדזשיסק.

אין 1939 האָבן געוווינט אין שטאָט בערך 33 טויזנט איינוווינער און דערונטער איבער טויזנט יידן. עקאָנאָמיש האָט זיך די שטאָט געשטיצט אויף די אַרומיקע דערפער, אָבער הויפּטזעכלעך אויף דער אָרטיקער אינדוסטריע. פון די גרויסע פאַבריקן איז כדאי צו דערמאָנען מאַיעווסקיס בלייפעדער-פאַבריק, אַמע־ריקאַנער גומי־בלעך, פּאַפּיר, די גרויסע עלעקטרישע סטאַנציע, און די יידישע פאַבריקן פון זאַמער-נאַוער, ערנרייכס פאַיאַנס-פאַבריק, ראָטנערס כעמישע פאַבריק.

## דאָס יידישע פּרושקאָוו

וואָלטן מיר זוכה געווען, וואָלט מען איצט געפייערט דעם 100יאָריקן יובל פון אונדזער קהילה. אַ יונגע קהילה פון בערך 250 משפחות, אין אַ ים פון צענדליקער טויזנטער גוים. אַ קהילה פון יידן אָנגעקומענע פון אַלע עקן פוילן, פאַרנומען זיך מיט קליין־מסחר און האַנטווערקעריי. די עקאָנאָמישע לאַגע איז געווען נישט קיין שלעכטע און ווי עס איז מיר באַקאַנט האָבן נאָר איינצלנע משפחות געמוזט אָנקו־מען נאָך מאַטעריעלער שטיצע. די עקאָנאָמישע לאַגע איז געווען אַ רעזולטאַט פון צוויי גורמים: ערשטנס — די נאָענטקייט צו וואַרשע און צווייטנס — די וואַקסנ־דיקע אינדוסטריע אין שטאָט. די סוחרים און האַנטווערקער האָבן געלעבט פון די גרויסע מאַסן פּוילישע אַרבעטער און באַאַמטע. פאַר דער יידישער יוגנט איז פּרושקאָוו געווען מער בחזקת אַ האָטעל, ווייל לערנען, אַרבעטן און פאַרווילן — האָט מען דער עיקר אין וואַרשע.

טראָץ דעם האָט דאָס יידישע פּרושקאָוו באַוויזן צו פירן אַ פאַרצווייגטע געזעלשאַפטלעכע און קולטורעלע טעטיקייט. דאָס יידישע לעבן האָט זיך קאָנ־צענטרירט אַרום דריי הויפּט־גאַסן: קאָשטשושקי, פּרוסאַ און קראַשעווסקעגאָ. אָבער אויך אין דער געגנט זענען די יידן נישט געווען די מערהייט און אין פּורעניותן פלעגן זיי נישט זיין זיכער אפילו לעבן די אייגענע הייזער. נישט איין מאָל האָט געטראָפן, אַז אין סוכה, וואָס נעבן שטוב, האָט מען אונדז מכבד געווען מיט שטיינער ל„קינוח הסעודה". אַ מקום מוכן לפּורעניות איז תמיד געווען דער מרעפּפונקט פון קאָשטשושקי־פּרוסאַ. דאָרט, נעבן דעם פאַרקאַן פון פּריצישן גוט איז געשטאַנען אַ דענקמאָל פון דער הייליקער מאַריאַ. דאָרט פלעגן מחנות שיכורע גוים אָפּוואַרטן די דורכגייענדיקע יידן און זיין שלאָגן מכות רצח באַגלייט פון געלעכטער און ניבול־פּה. די הייליקע מאַריאַ פלעגט קוקן אויף דעם און רעאַגירן אַזוי ווי אירע גלויביקע.

פּרושקאָוו האָט געהאַט אירע שיינע ראָמאַנטישע ווינקעלעך, אָבער זיי האָבן זיך געפונען מחוץ דעם יידישן קוואַרטאַל. דאָס איז געווען דער אַניעלין־פּאַרק, ווו עס איז געווען אַ שיינער אינדזל אַרומגערינגלט פון טייך. דאָרט האָט מען געקענט דינגען שיפלעך און זינגען ביי דער שיין פון לבנה-ליכט. אָבער פאַר יידישע בחורים און מיידלעך פלעגט זיך דאָס פיל מאָל ענדיקן מיט אַהיימקומען נאַסע

און צעשלאָגענע. נישט בעסער איז עס געווען אין בערסאָנס גאָרטן. אַמזיכערסטן האָט מען זיך געפילט אין די אַלייען. דאָרט האָבן יינגלעך און מיידלעך געשלאָסן באַקאַנטשאַפטן און פאַרבערענגט אינטימע שעהען. מען האָט שפּאַצירט גרופּעסווייז (אַ סגולה קעגן כוליגאַנעס) און ס׳פלעגט אָפט טרעפן, אַז אַ פּאָר׳ל האָט זיך פּלוצ־לינג אָפּגעריסן פון דער גרופּע און פאַרשווינדן. האָט מען געוווסט שוין, אַז אַ נייער ראָמאַן הייבט זיך אָן וועבן. דאָרט פלעגט כמעט יעדעס פּאָרל מאַכן זיינע ערשטע טריט. און ווען די ביימער וואָלטן געקענט רעדן, וואָלטן זיי געהאַט פיל צו דערציילן.

טראָץ אַלע שוועריקייטן האָט די יידישע יוגנט נישט מוותר געווען אויף די פאַרגעניגנס פון לעבן; געשטעלט א ווירדיקן ווידערשטאַנד און געבויט זייער




קולטור און געזעלשאַפט. אין די אַלייען האָט מען געקאָנט אין אַ זומערדיקן פּאַרטאָג טרעפן דעם לערער קאָזעבראָצקי מיט זיין קרייז תלמידים זיך לערנען און באָדן. און אין די שבת-פּאַרטאָגן — די מדריכים פון דער יוגנט מיט זייערע קינדער פון דער „פרייהייט“, „ביתר“ אָדער „צוקונפט“. מ׳פלעגט אָפּהאַלטן קרייזן אויך אין דעם קאָמאַראָווער וואַלד, טראָץ דער שטענדיקער סכנה פון כוליגאַנישע איבערפאַלן.

אַפילו די יידישע לוויות זענען נישט געווען פריי פון כוליגאַנישע איבערפאַלן. דער בית-הקברות האָט זיך געפונען ווייט פון יידישן שטח און פיל מאָל פלעגן די מלווים אויף זייער צוריקוועגס באַוואָרפן ווערן מיט שטיינער פון די אַרבעטער פון דער ציגל-פאַבריק אָדער שעכטהויז. דער אייגנטימער פון שעכטהויז איז טאַקע

POSELSTWO
POLSKIEJ RZECZYPOSPOLITEJ LUDOWEJ
W IZRAELU
--
LEGATION
OF THE POLISH PEOPLE'S REPUBLIC
IN ISRAEL

Tel.Pos/568/56

Tel-Aviv, 5.10.1956
95, Allenby Str.

Hitachdutn Olei Polin
15, Lilienblum Str.
T e l - A v i v

Poselstwo PRL w Tel-Avivie podaje niniejszym dane historyczne o Pruszkowie, nadesłane przez Wydział Społ.-Administracyjny W.R.N. w Pruszkowie - w odpowiedzi na pismo Imigrantów Pruszkowskich w Izraelu:

"Pruszków jako miasto powstało w r. 1916 i utworzone zostało w jedną jednostkę administracyjną z kilku wiosek, a mianowicie: z gminy Skorysze, wsi Pruszków tj obecnie centralnego Pruszkowa, Józefów, Wyględówek i Tworki, oraz gminy Czarów, wsi Żbikówek i Pochulanka. W ten sposób utworzone miasto liczyło 8.575 mieszkańców na powierzchni 1.656 ha.

O początkach rozwoju miasta Pruszkowa brak bliższych danych. Składało się ono z trzech zasadniczych osiedli - Żbików, Pruszków i Tworki. Najstarszą wsią jest Żbików - dawniej Sohirowo, sięgające czasów bardzo odległych.

Liczne wykopaliska z tego terenu dowodzą, że przypuszczalnie na 1.000 lat przed naszą erą zamieszkiwali tu pierwsi Słowianie.

Pierwsze wzmianki o Żbikowie pochodzą z III-go i IV-go wieku, o Pruszkowie z 1254 r, Tworek z 1580 r.

W r. 1918 miasto Pruszków liczyło około 12.000 mieszkańców, a w 1939 r ilość mieszkańców wzrosła do 27.000.

O gminie Żydowskiej wiadomo jest, że w r. 1939 liczyła w mieście Pruszkowie około 1.020/1.060 osób. W Getcie Pruszkowskich zginęło około 200 Żydów tj niemal wszyscy prócz jednego Dawidowicza, który ocalał i obecnie przebywa w mieście Pruszkowie i poza tymi którzy zdążyli wyemigrować w 1939 r do innych krajów Europy jak Francja, Anglia, Włochy i inne. "

Jednocześnie Wydział donosi, że szczegółowszych materiałów nie posiada.-

Eugeniusz Seiler
Attache

געווען הענעך קעניגשטיין, אָבער טראָץ דעם האָבן די שוחטים געהאַט אויסצושטיין צרות פון די אָרטיקע שקצים. מיין פֿאָטער, ר׳ שלמה הלל ז״ל, אַ שוחט, האָט מיר איין מאָל דערציילט, אַז צוריקגייענדיק ביינאַכט פון שעכטהויז, זענען אים באַפֿאַלן אַ גרופּע כוליגאַנעס און געוואָלט אונטערצינדן זיין באָרד. בדרך נס איז דאָן געווען אַ שטאַרקער ווינט און די שוועבעלעך פלעגן זיך באַלד אויסלעשן. איין שוועבעלע האָט זיך דאָך אָנגעצונדן און באַלויכטן מיין פֿאָטערס פּנים. איינער פון די שקצים, קאַסטעק, האָט אים דערקענט און געפּועלט, מע זאָל אים נישט טשעפּען.

אַזוי האָט דאָס קליינע פּרושקאָוו געלעבט אין אַ ים פון שרעקלעכן אַנטיסעמיטיזם.

## די ערשטע דורות

נישט ווייט פון פּרושקאָוו, בערך 7 ק״מ, ליגט דאָס שטעטעלע נאַדאַזשין. דאָרט איז געווען אַן אַלטער יידישער ישוב. אויפן אָרטיקן בית־הקברות האָט מען געקאָנט זען אַלטע מצבות פון וואַרשעווער יידן, וואָס מען האָט געבראַכט אַהער ווען וואַרשע האָט נאָך נישט געהאַט קיין אייגענעם בית־עלמין. דאָס איז געווען אַ קליין שטעטל, וואָס האָט זיך קאָנצענטרירט אַרום דעם מאַרק. געווען דאָרט אַן אַלטע יידישע קהילה מיט אַ רב, גבאים, שמשים און חברה־קדישא. במשך פון פיל יאָרן איז דאָס יידישע פּרושקאָוו געווען אָפּהענגיק פון נאַדאַזשין. אַהין פלעגט מען פירן די יידישע מתים מיט פערד־און־וואָגן, ווייל נאַדאַזשין האָט נישט געהאַט קיין אַנדערע פאַרבינדונג מיט דער אַרומיקער וועלט. דאָס האָט פאַר די פּרושקאָווער געמאַכט פיל שוועריקייטן און אַזאַ מצב האָט נישט געקאָנט דויערן צו לאַנג. האָט טאַקע ר׳ מרדכי גוטאָוויטש באַשלאָסן עפּעס וועגן דעם צו טאָן.

רב מרדכי איז געווען דער ערשטער ייד אין שטאָט און די געשיכטע פון דער אַנטשטייאונג פון אונדזער קהילה איז ענג פאַרבונדן מיט אים. וועל איך דעריבער אים ווידמען מערערע שורות.

זיין פאַמיליע־נאָמען איז טאַקע געווען גוטאָוויטש. אָבער ווי עס פירט זיך ביי יידן אין די קליינע שטעטלעך, האָט ער אויך געהאַט אַ צונאָמען „מרדכי פויער״ (אין פּרילוצקיס בוך פון צונעמען האָב איך געפונען דעם אויסדרוק „פּרושקאָווער פויערים״. ווען איך האָב געפאָרשט די סיבה פון אַזאַ „שיינעם נאָמען״, האָב איך געפונען, אַז עס קומט אַ דאַנק דעם צונאָמען פון מרדכי פויער, דעם ערשטן ייד פון שטאָט).

אַלס קיילעכדיקער יתום האָט רב מרדכי, נאָך אַלס קינד, אַריבערגעוואַנדערט פון זיין געבוירן־שטאָט טאָמאַשאָוו־מאַזאָוויעצקי און איז אָנגעקומען צום גראַף פּאָטוליצקי אַלס אַ פּאַסטעך. שפּעטער איז ער געוואָרן אַן ערדאַרבעטער און לסוף — פאַרוואַלטער פון פּאָטוליצקיס גיטער אין פּרושקאָוו, און דערפאַר הפּנים האָט מען אים גערופן „פויער״. אין בית־המדרש איז ער געזעסן אויף דער מזרח־וואַנט, נאָענט צום רב. דאָרט איז ער געשטאַנען אַ הויכער, ברייטפּלייציק צעוואַקסן,

מיט אַ געל־גרויער־באָרד און מעשה בעל־הבית געהאַלטן אויג אויף אַלץ און אויף אַלעמען. ווען „ווייסע חברה" האָבן ביים שבתדיקן דאַווענען אָנגעהויבן אַרומשטיפן, אָדער יונגע באַלעבעסלעך כאַפּן אַ שמועס — איז געווען גענוג רב מרדכיס אַ בליק פון אונטער די געדיכטע ברעמען. און ווען דאָס האָט נישט געהאָלפן, האָט זיין אויסגעהאָרעוועטע ברייטע האַנט אַ קלאַפּ געטאָן אין טיש און מיט זיין פעסטער שטימע אַ געשריי געטאָן „שאַ!" און אַלע האָבן אַ צאַפּל געטאָן און געוואָרן שטיל. קליינוואַרג האָט זיך געטוליעט אונטער די טאַטעס טליתים ביז זיי האָבן ווידער פאַרגעסן און אויפסניי אָנגעהויבן שפּילן אין קנעפּ (איך געדענק נאָך רב מרדכין ווען איך בין געווען פינף יאָר אַלט און ער איז שוין געווען אַ ייד אַ בן־שבעים. אָבער ווער עס האָט אים געזען און געהערט האָט אים תמיד געדענקט).

מיט דער צייט האָט ר' מרדכי אָפּגעקויפט פיל פלעצער אין צענטער פון פּרושקאָוו, ווען עס איז נאָך קיין שטאָט נישט געווען. ער איז געווען דער רייכסטער ייד און געלאָזט נאָך זיך אַ פאַרצווייגטע משפחה, וועלכע זענען כמעט אַלע אומגעקומען, אויסער די פיר אוראייניקלעך אין ישראל.

אין די ערשטע יאָרן פון יידישן ישוב אין שטאָט, האָט מען אָרגאַניזירט אַ מנין, וועלכער פלעגט זיך צונויפקומען אין זשביקאָוו אָדער טוואַרקי. ווען דער ישוב האָט זיך פאַרגרעסערט, האָט ר' מרדכי אויפגענומען אַ רב, אַריינגענומען אים צו זיך אין הויז. דאָס איז געווען רב מאָטל קרושניצער (שפּעטער איז ער אַריבער קיין קרושניץ; דאָרט איז ער בשעת דעם ערשטן וועלט־קריג באַשולדיקט געוואָרן דורך די דייטשן אין שפּיאָנאַזש און שטייענדיק ביים דאַווענען אין טלית און תפילין ,איז ער דורך זיי אויפגעהאָנגען געוואָרן). נאָך אים איז געקומען הרב לעוונבערג ז"ל. עס זענען אויך אויפגענומען געוואָרן שוחטים. אין די ערשטע יאָרן האָבן זיי אַלע באַקומען דירות פון ר' מרדכין. אַזוי האָט מען זיך אָנגעהויבן צו ביסלעך באַפרייען פון נאַדאַזשינער אפּוטרופּסות. ר' מרדכי האָט אויף זיין פּלאַץ אויפגעשטעלט אַ בית־מדרש מיט אַ מקוה וואָס האָט זיך געגרענעצט מיט זיין הויז מיט אַ ספּעציעלן דורכגאַנג, וואָס האָט פאַראייניקט ביידע בנינים.

אָבער מען איז אַלץ נאָך געווען אָפּהענגיק פון נאַדאַזשין בענין מתים. די נאַדאַזשינער חברא קדישא האָט געזען אין די פּרושקאָווער מתים אַ מקור פון הכנסות און נישט געוואָלט מוותר זיין. האָט זיך אָנגעהויבן אַ לאַנגע מחלוקת. ביידע צדדים האָבן אָנגעווענדעט אַלע מיטלען; פּעטש, געשלעגן און „שמירן" די מאַכט־אָרגאַנען. ערשט נאָך לאַנגע און שווערע באַמיאונגען איז מען געקומען צו אַ הסכם. ר' מרדכי האָט געגעבן דעם פּלאַץ און עס איז אויפגעשטעלט געוואָרן דער בית־הקברות מיט דעם טהרה־שטיבל (טייכפעלד האָט געגעבן דעם גדר). ר' מרדכי האָט אויך געגעבן דעם ערשטן נפטר, זיין עלטסטן זון אפרים, וועלכער איז געשטאָרבן פון דער מגפה. אַ לאַנגע צייט האָט אַ ספּעציעלער שומר געהיטן דעם איינציקן קבר ביז עס זענען צוגעקומען אַנדערע.

אַזוי אַרום איז די קהילה געוואַקסן, און ווען ר׳ מרדכי איז געשטאָרבן אין יאָר 1917, אין עלטער פון 85 יאָר, האָט שוין די שטאָט געהאַט אַ רב, אַ רבין, שוחטים, גבאים, שמשים און סתם בעלי־דעות. יעדעס יאָר זענען צוגעקומען נייע בעלי־בתים, דער עיקר יונגע מענטשן מיט קליינע קינדער. קיין יוגנט איז נאָך נישט געווען און אויך נישט קיין געזעלשאַפטלעך־קולטורעל לעבן. דעם איינציקן אינטערעסאַנטן פאַל פון 1905 פלעגט מען דערציילן וועגן חיים לייזער גערצמאַן




(„שמיאַלעק״). ער איז געווען אַ שוסטער און אין יענעם יאָר איז ער געגאַנגען איבער די גאַסן מיט אַ רויטע פאַן. אין די שפּעטערדיקע יאָרן איז ער געוואָרן פרום און געוואָרן שמש ביים רב. ער איז געווען אַ בעל־תשובה און אַ מחמיר. נאָך דער פּטירה פון הרב לעוונבערג ז״ל האָט אים דער נייער רב באַזייטיקט און ער איז צוריק אַריבער צו שוסטעריי.

עס זענען דאָן געווען צוויי חדרים, איינער פאַר דרדקי, מיטן מלמד רב יצחק, דער צווייטער — פאַר עלטערע יינגלעך, ווו עס האָט געלערנט דער מלמד רב משה מרדכי לעבענסאלד. מיט די גמרא־יינגלעך האָט געלערנט דער רב, אָבער שפּעטער איז צוגעקומען דער מלמד ר׳ מרדכי ראָזענבליט.

ס׳איז אויך געווען אַ חדר־מתוקן אָנגעפירט דורך רב ישראל־יוסף נורטמאַן ז״ל. (ער איז שפּעטער געוואָרן אַ שניט־סוחר און עולה געווען מיט דער משפּחה קיין ארץ־ישראל. געוואָרן אַ חיפהער תושב און איז נפטר געוואָרן בשיבה טובה אין תשכ״ה). אין דעם חדר־מתוקן האָט אויך אָנגעהויבן זיך וועג דער לערער קאַ־

זשעבראַצקי, וועלכער האָט פון דאַן אָן ביז זייַן לעצטן טאָג אין געטאָ געהאַט אַ דעציזירנדיקע השפעה אויף דער יידישער יוגנט (איך ווייס, אַז אַנדערע חברים שרייבן וועגן אים, בין איך דעריבער דאָ נישט מאריך).

אַזוי ווי אַנדערע קהילות, האָט אויך פרושקאָוו געהאַט אַ „לינת הצדק" און אַ „הכנסת אורחים". איך געדענק וויפל כוחות און צייט האָט מייַן פאָטער ע"ה געווידמעט די דאָזיקע צוויי אינסטיטוציעס! ער פלעגט אָפּזיצן נעכט ביי קראַנקע און פאַרנאַכלעסיקט דערמיט זייַן אייגענע שטוב. מייַן מוטער ע"ה פלעגט זיך פיל



ר' ישראל יוסף נורטמן ז"ל

אויף דעם באַקלאָגן, אָבער עס אַנגענומען מיט פיל פאַרשטענדעניש. עס איז אויך געווען אַ גמילות־חסדים־קאַסע. צום ערשט אין אַ קליינעם מאַסשטאַב אָבער במשך פון יאָרן זיך אַנטוויקלט אין אַ גוט אָרגאַניזירטע אינסטיטוציע און גע־שפּילט אַ וויכטיקע ראָלע אינעם יידישן לעבן.

## די ערשטע וועלט־מלחמה

די דייטשע אָקופּאַציע בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט געבראַכט מיט זיך אַ גאַנץ נייע סיטואַציע, נייע באַגריפן און אַ נייעם לעבנס־שטייגער. דער נייער

דור האָט זיך געוואָלט אַרויסרייסן פון דער קליינשטעטלדיקער מאָנאָטאָנישקייט און אָנגעהויבן אַ פאַרצווייגט פּאָליטיש און קולטורעל לעבן.

די דייטשע אָקופּאַנטן האָבן נאָמינירט אַ נייעם קהילה־ראָט פון משה אוראטש, מאיר פרידמאַן און משה ראָזען. זיי זענען געווען אָנגעזעענע בעלי־בתים, אָבער ווייט נישט קיין געזעלשאַפטלעכע טוער. מיט דער צייט זענען זיי פאַרביטן געוואָרן דורך דעמאָקראַטיש געוויילטע פאָרשטייער, וואָס זענען מער ווייניק געווען פאַרבונדן מיט פאַרטייאישער און געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט. בראש פון דעם ועד זענען געשטאַנען מענדל קירשנבוים, גוטמאַן ראָזענבלום, זלמן יערעמיאָש, אליהו ראָזענאָוויטש. אונטער דער דירעקטער השפעה פון מענדל קירשענבוים און מיט דער מיטהילף פון יחיאל ניסענצווייג, יעקב־פישל בעקער און דעם לערער קאָזשעבראַצקי, האָט זיך אָנגעהויבן אַן אינטענסיווע טעטיקייט צווישן דער יוגנט און די שטאָט האָט אָנגעהויבן אָטעמען מיט אַ פילפאַרביק געזעלשאַפטלעך לעבן. יעדע פּאָליטישע און קולטורעלע טעטיקייט אין ידישן פוילן האָט געפונען אַ געהעריקן אויסדרוק ביים פּרושקאָווער ייִדנטום.

אין יענער צייט האָט דער אַמעריקאַנער „דזשאָינט" אָנגעהויבן אַ ברייט פאַרצווייגטע הילף־אַרבעט צווישן ייִדן אין פוילן. אויך אין פּרושקאָוו איז אונטער דער לייטונג פון דעם נייעם ועד געגרינדעט געוואָרן אַ דזשאָינט־קיך, ווו די שול־קינדער האָבן באַקומען מילך מיט זעמל. גוטמאַן ראָזענבלום האָט אָפּגעגעבן ביי זיך אין הויז אַ דירה פון עטלעכע צימערן און יעדן טאָג פלעגן דאָ קומען די קינדער פון דער „עבריה"־שול און פון דעם מזרחי־חדר און דאָ באַקומען זייער פרישטיק.

מענדל קירשענבוים איז געווען אַ רייכער האָלץ־סוחר, אַ גייסטרייכע פּער־זענלעכקייט, פול מיט ענערגיע און מסירת נפש פאַר ייִדישע ענינים. ער האָט אוועקגעגעבן פיל מי און צייט צו אָרגאַניזירן דאָס ציוניסטישע לעבן אין שטאָט. צוזאַמען מיט אַנדערע עסקנים האָט ער געשאַפן די העברעאישע שולע „עבריה", ווו קאָזשעבראַצקי איז געווען דער מנהל. צו דער זעלבער צייט איז געגרינדעט געוואָרן די ערשטע ביבליאָטעק און די יוגנט־אָרגאַניזאַציע „השומר הצעיר". עס איז טאַקע געווען אַ שווערער קלאַפּ פאַר אונדז, ווען באַלד נאָך דער מלחמה איז ר' מענדל נפטר געוואָרן. במשך יאָרן איז ער געווען די נשמה פון ייִדישער טעטיקייט און האָט מיטגעריסן מיט זיך פיל אַנדערע, וועלכע זענען נאָך זיין טויט געוואָרן פּאַסיוו אָדער גאָר אַוועק אויף אַנדערע וועגן.

## די ערשטע יאָרן פון פוילנס אומאָפּהענגיקייט

די ערשטע יאָרן פונעם נייעם פוילן האָבן געבראַכט מיט זיך אַ געזעלשאַפט־לעכן קריזיס אין ייִדישן פּרושקאָוו. אַ טייל פון דער יוגנט איז אַוועק אין פּוילישן מיליטער און די אַקטיווסטע זענען אַוועק קיין ארץ־ישראל מיט דער דריטער עליה. בכלל האָבן די עליות געהאַט אַ גרויסע השפעה ביי אונדז. פון איין זייט איז



מפעולות ה„ג'וינט" בפרושקוב ב־1918

עס געווען אַ דערפּרייענדיקער שריט. פון דער צווייטער זייט אָבער האָט זיך מיט יעדן עליה־שטראָם אויסגעלײדיקט דער יוגנט־אַקטיוו און מ׳האָט געמוזט וואַרטן עטלעכע יאָר ביז דער נייער דור איז אונטערגעוואַקסן. פון דער נישט־ציוניסטישער יוגנט זענען אויך פיל אַוועק, ס׳רוב קיין פראַנקרייך.

אין דער קהילה האָט זיך אויך געענדערט צום ערגערן. דאָס אָרט פון פאַר־שטאָרבענעם ר׳ מענדל קירשענבוים האָט איצט פאַרנומען גוטמאַן ראָזענבלום. ער איז געווען אַ ייד אַ תלמיד־חכם, אַ משכיל, וועלכער איז אָבער געבליבן הענגען צווישן צוויי וועלטן. פון כאַראַקטער אַ ציניקער, האָט ער געפירט די קהילה־ענינים מיט תקיפות און צוריקגעפירט זי אויף די אַלטע וועגן פון גבאות, תקיפות, מחלוקתן און קליינשטעטלדיקע רייסערייען אָן שום נייגונג צו קאָנסטרוקטיווער טעטיקייט.

בכלל איז די גאַנצע דעה אַריבער אין די הענט פון די עטלעכע גבירים, וועלכע זענען געגאַנגען מיטן אַלטן אויסגעטראָטענעם וועגן פון שתדלנות. דאָס וועט אפשר קלאָר מאַכן דעם פאַקט, וואָס צו די ערשטע וואַלן צום שטאָטראָט האָבן די יידן אַרויסגעשטעלט אַלס זייער איינציקן קאַנדידאַט דעם אַפּטייקער ביעלאַווסקי, אַ פּאָליאַק. ער איז טאַקע געווען אַן אַ־נטלעכער גוי, באַפריינדעט מיט יידן און אויך זיי געבאָרגט געלט אויף פּראָצענט. און יידן האָבן געטראַכט, אַז ער וועט עס זיין דער בעסטער מליץ־יושר.

צו דער צווייטער קאַדענץ זענען צוליב אַן אומפאַרשטענדלעכן צופאַל אויס־געקליבן געוואָרן אַזש דריי יידישע פאַרשטייער: ראָזענאָוויטש און יערעמיאַש מצד די בעלי־בתים און משה גערשיניאַק פון דער האַנטווערקער־ליסטע. אלי ראָזענאָוויטש איז געווען אַ ייד אַ גביר, פרום אָבער נישט פאַנאַטיש, אַ טיפּ פון אַ יידישן אַריסטאָקראַט, אויפגעטרעטן מיט צניעות און באמית זיך, תמיד צו העלפן דעם יידישן פּרט. זלמן יערעמיאַש — אַ קלוגער ייד, פרום, אַ חסיד, אַן עקשן און אַ גרויסער בעל־דעה, האָט ער זיך געפירט צווישן יידן מיט תקיפות. אָבער זיינע ידיעות אין דער פּוילישער שפּראַך זענען נישט געווען גענוגנדיק, און דעריבער האָט ער נישט געהאַט קיין גרויסע השפּעה אין שטאָטראָט. משה גערשיניאַק דאָ־קעגן איז געווען אַ פּשוטער שניידער, אַ גוטער ייד אָבער נישט גענוג רעפּרעזענ־טאַטיוו אַלס אַ פאַרשטייער אין שטאָטראָט (וועגן אים האָט קורסירט אַ וויץ, אַז זיין איינציקע טעטיקייט אויף די זיצונגען פון שטאָטראָט איז געווען צו זאָגן „נאַ זדראָוויע״ יעדעס מאָל, ווען דער בירגערמייסטער האָט גענאָסן).

צו דער דריטער און לאַנגער קאַדענץ, ביז דער צווייטער וועלט־מלחמה, איז דער איינציקער יידישער פאַרשטייער געווען יאַן טשאַרניעצקי (אין 1938 זענען גע־ווײלט געוואָרן דריי יידישע פאַרשטייער, אָבער די וואַלן זענען געפּסלט געוואָרן און דער אַלטער ראָט איז פאַרבליבן). טשאַרניעצקי איז אָנגעקומען קיין פּרושקאָוו אַרום 1925 אַלס איידעם פון ראָזענאָוויטשן (אַ ברודער פון אלי), האָט איבערגענומען זיין שווערס האָלץ־מסחר און געווען איינער פון די רייכע יידן אין שטאָט.

איך ווייס נישט קיין סך וועגן זיין אָפּשטאַם. איך ווייס, אַז ער איז געווען

אַ הויך־קולטורעלער מענטש מיט אַ דיפּלאָם פון פאַרמאַרציע. ער איז געווען אַ הייסער ציוניסט, אָבער אין דער זעלבער צייט איינגעוויקט אין דער פּוילישער קולטור. אַליין אַן אַריסטאָקראַטישער טיפּ, האָט ער אָבער פאַרמאָגט פיל דעמאָ־קראַטישע נייגונגען און געווען גרייט צו העלפן אַקטיוו יעדן ייד און יעדער יידי־שער טעטיקייט. ער איז טאַקע געווען אַקטיוו אומעטום: אין שול־ראָט, אין קיבוץ־פּאַטראָנאַט, אין ספּאָרט־קלוב אין דער גמילות־חסדים־קאַסע, אינעם קאָמיטעט צו בויען אַ נייעם בית־כנסת און אַ נייע שולע, אין קאָמיטעט פון די זבאָנשינער פּליטים אאז״וו.

אין שטאָטראָט האָט ער זיך באַמיט צו דערגרייכן דאָס זייניקע דורך שטילע אונטערהאַנדלונגען, אָבער אין דער זעלביקער צייט ווירדיק פאַרטיידיקט דעם יידישן כבוד און יידישע אינטערעסן. בדרך כלל האָבן זיך די פּאָליאַקן באַצויגן צו אים מיט פיל דרך־ארץ. ער האָט געהאַט פיל שווערע מאָמענטן אין שטאָטראָט, ווי ער האָט באַדאַרפט צו מאַנעווורירן צווישן די ענדעקעס און די לינקע פּ.פּ.ס., בכדי אויסגעווילט צו ווערן אין אַ וויכטיקער קאָמיסיע. איך געדענק, ווי בשעת דער דיסקוסיע וועגן דער פריסאַטאַראָוואַס שחיטה־געזעץ איז ער אויפגעטראָטן מיט אַ ווירדיקער רעדע קעגן אַנטיסעמיטיזם. עס איז אים אויך געלונגען, אַ דאַנק אַ קלוגן מאַנעווורירן צווישן דער פּ.פּ.ס. און דער סאַנאַציע, צו שאַפן אַ קליינע מער־הייט קעגן דעם געזעץ אין פּרושקאָוו.

(נאָכן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה איז טשאַרניעצקי פאַר־בליבן דער פאַרבינדלער און פאַרמיטלער מיטן נייעם בירגערמייסטער, אַ „פאָלקס־דויטש״, וואָס איז נאָמינירט געוואָרן דורך דער דייטשער מאַכט).

## דאָס יידישע שול־וועזן אין פּרושקאָוו

נאָך דעם ווי קליינוואָרג איז אונטערגעוואַקסן האָבן זיך די בעלי־בתים נישט באַגנוגנט מער מיט צופעליקע מלמדים און אפילו נישט מיט די שיעורים, וואָס זענען געלערנט געוואָרן מיט די עלטערע בחורים דורכן רב און די שוחטים. דאַן האָט מען אָרגאַניזירט דעם חדר־מתוקן, וואָס האָט אויפגעהערט צו זיין טעטיק מיטן אויסברוך פון ערשטן וועלט־קריג.

בעת דער ערשטער דייטשער אָקופּאַציע האָט זיך אָרגאַניזירט די העברעישע שולע „עבריה״. בראש פון דעם אָרגאַניזיר־קאָמיטעט זענען געשטאַנען מענדל קירשענבוים, יעקב פישל בעקער, יצחק גאָלד, גוטמאַן ראָזענבלום און אַנדערע. פאַרשטייט זיך, אַז דער הויפּט־איניציאַטאָר פון דער שולע און איר לעבעדיקער גייסט איז געווען אברהם קאָזשעבראַצקי. ער איז געווען דער מנהל, דער לערער פון עברית און תנ״ך, און בשעת הדחק — אויך פון אַנדערע קעגנשטאַנדן. די שולע איז געשטאַנען אויף אַ הויכן ניוואָ און אירע אַביטוריענטן האָבן געקאָנט אָן שום שוועריקייטן פאַרזעצן זייערע לימודים אין מיטל־ אָדער האַנטווערקער־שולן. די שולע האָט געהאַט אויסצושטיין גרויסע געלט־שוועריקייטן. עס איז געווען אַ צייט,

ווען דער שול־קאָמיטעט האָט אָפּגעשטעלט זיין טעטיקייט און דער גאַנצער עול איז געפאַלן אויף קאָזשעבראָצקין. געווען אַ צייט ווען די לערער האָבן נישט באַקומען זייער געהאַלט און הענעך קעניגשטיין — זיין דירה־געלט (וועגן דעם ווייטער).

פּאַראַלעל מיט דער גרינדונג פון דער שולע האָט זיך אויך אָרגאַניזירט דער חדר פון „מזרחי", וואָס איז געווען בעצם די פאָרזעצונג פון דעם פריער־דיקן חדר־מתוקן. די הויפּט־עסקנים פון דעם חדר זענען געווען דער רב, הרב יצחק־מאיר לעווענבערג, ר' שלמה הלל אָפּאָזדאָווער, ר' זלמן יערעמיאַש, ר' יעקב סטאַלאָוויטש, ר' יעקב ניסענצוויג, ר' יצחק פריידזאָן א"אַ. דער חדר איז באַשטאַ־נען פון דריי צימערן אינעם הויז פון ראובן באָרענשטיין. עס זענען באַשעפטיקט געווען צוויי מלמדים: ר' מענדל פון וואַרשע און ר' יעקב סטאַלאָוויטש, וועלכער איז אויך געווען דער לערער פון עברית. עס זענען אויך געלערנט געוואָרן לימודי חוץ. דער ערשטער לערער פון לימודי־חוץ איז געווען דער באַליבטער חבר לוי ווייסבערג, דווקא אַ בונדיסט. ער האָט זיך באַמיט, אין די באַגרענעצטע שעהן, אַריינצוברענגען אין די קינדערישע מוחות וואָס מער וויסן און וואָס מער פרייד. אַלס אַ שילער זיינער קאָן איך נישט פאַרגעסן די מינוטן פון קינדערישער פרייד און געלעכטער, וואָס ער האָט אונדז געגעבן. איך געדענק נאָך די שפּילערייען און שטיפעררייען, ווען נאָך עלף שעה לערנען זענען מיר אַרויס אויף דער פרייער לופט און פלוצלינג געזען ווי דער לערער הייבט אָן צו וואַרפן שניי־קוילן, וואָס עס פאַסט נאָר פאַר גוים. מיר, די חסידישע יינגלעך, האָבן געקוקט אויף דעם אומפאַרשטענדלעך, אָבער לאַנג האָט עס נישט געדויערט און מיט זיין פּעדאַגאָגישן אינסטינקט און לעבעדיקן הומאָר האָט ער אונדז אַריינגעצויגן אין דעם שפּיל. ער האָט תמיד געוווסט ווי צו ווירקן אויף זיינע תלמידים ווי אויף חברים און גלייכ־צייטיק אָפּהיטן דעם דיסטאַנץ.

ער איז אָבער לאַנג נישט פאַרבליבן מיטן חדר און אויף זיין פּלאַץ איז גע־קומען הער פרענקל פון וואַרשע און נאָך אים אַנדערע לערער. דער חדר איז געשטאַנען אויף אַ הויכן ניוואָ, אָבער נאָך דריי־פיר יאָר איז ער ליקווידירט געוואָרן. עס זענען געמאַכט געוואָרן פאַרשידענע פּרווון ווידער אים צו עפענען, אָבער עס איז נישט געלונגען. דאַן האָבן די פרומע יידן אָנגעהויבן אַן עקשנותדיקן קאַמף צו פאַרוואַנדלען די „עבריה" אין אַ חדר־מתוקן. די יידישע קהילה, ווו די פרומע יידן האָבן געהערשט, האָט אָפּגעשטעלט די סובסידיע פאַר דער שולע, און דערצו האָט מען אָנגעהויבן אַ פּערזענלעכן קאַמף קעגן קאָזשעבראָצקין, וואָס איז געווען דער עמוד־התווך פון דער שולע. עס איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז דער לערער איז געצוווגען געווען צו פאַרלאָזן זיין פּאָסטן און אויף זיין אָרט האָט מען גענומען אַנדערער לערער און אויך אַריינגעזעצט אַ מלמד, ר' מענדל זינגער. די שולע איז ביסלעכווייז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ שולע מיט לימודי קודש, ווו יינגלעך זענען געזעסן אין היטלעך. דער גאַנצער גייסט פון דער שולע האָט זיך געענדערט.

דער גייסט פון דער שולע איז תמיד געווען אַ פועל־יוצא פון דער אַרבעט פון אברהם קאַזשעבראַצקי. ער איז געווען דער איניציאַטאָר פון אַלץ, וואָס האָט געהאַט צו טאָן מיט פאָרשריט: קולטור, ציוניזם, דראַמאַטישער קרייז, שאַך־קרייז, זעלבסטבילדונג־קרייזן א״אַ. יעדע אונטערנעמונג און נייע זאַך האָט געהאַט איר אָנהייב אין דעם ענגן „קיכל" פון זיין וווינונג. דאָס „קיכל" איז געווען אַ מין בית־ועד לתלמידי־חכמים. דאָרט זענען שוין פון פאַרטאָג אָן געזעסן יונגעלייט און געקנעלט תורה: קולטור־געשיכטע, היסטאָרישער מאַטעריאַליזם, מיטאָ־לאָגיע, פילאָזאָפיע, תנ״ך און וואָס איר ווילט נאָר אַליין. אין די אָוונטן האָט מען דיסקוטירט דעם געלערנטן מאַטעריאַל, געטיילט זיך מיט איינדרוקן און איינגע־אָרדנט שאַך־טורנירן. און איבערהויפּט — די רעפּעטיציעס פון דראַמאַטישן קרייז. דער לערער איז געווען רעזשיסער און אויך אַקטיאָר. דאָס זענען געווען שעהן פון נשמה יתירה און דאָס קיכל איז געווען פול פון יונגנטלעכן ברען און התלהבות.

פאַרשטייט זיך, אַז די פרומע טאַטעס האָבן געקוקט אויף דעם אַלעם בעין רעה און צום סוף אָנגעהויבן אַ קאַמף קעגן דער דאָזיקער „סטרא־אחרא ר״ל", וואָס פאַרסמט די נשמות פון זייערע יונגע קינדער. דער פאַרעקשנסטער קעגנער פון דעם לערער איז געווען, דוכט זיך, מיין טאַטע ז״ל. ער האָט אים קיין מאָל נישט מוחל געווען דאָס „אַוועקרויבן" פון אים זיין עלטסטן און פעיקסטן זון, חיים, פון וועמען ער האָט אַזוי פיל דערוואַרט. ער איז אַוועק „לתרבות רעה" אונטערן איינפלוס פון קאַזשעבראַצקין. עס איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז איין שבת ביינאַכט איז ער אַרויף אויפן באַלעמער פון בית־המדרש און מיט טרערן אין די אויגן דערקלערט, אַז ער נעמט פון זיך אַראָפּ יעדע אחריות פאַר די מעשים פון זיין זון, וועלכער איז געוואָרן אַן אַקטיאָר און אַן אַפּיקורס. דער טאַטע האָט אויך געפאָדערט צו דערקלערן אַ חרם אויף דעם לערער, וואָס איז לויט זיין מיינונג אַ מסית ומדיח. צו אים זענען צוגעשטאַנען דער רב און פיל פרומע יידן, און נאָר די מורא פאַר דער מאַכט האָט זיי אָפּגעהאַלטן פון דעם חרם.

דער קאַמף האָט פאַרטריבן מיין ברודער פון דער היים אויף צוויי יאָר און קאַזשעבראַצקין פון זיין פּאָסטן, אויף אַ לענגערע צייט. דער לערער האָט אָנגע־הויבן צו אַרבעטן אין וואַרשע, אָבער צוליב זיין קראַנקן פוס האָט ער דאָס געמוזט אויפגעבן. די יוגנט אַרום האָט אים ווייניק געקענט העלפן. די עלטערע פון זיי זענען עולה געווען און דער לערער איז געבליבן אַליין אָן אַרבעט. די נויט האָט זיך אָנגעהויבן צו פילן און געצווונגען צו זוכן אַנדערע פרנסות. זיין פרוי פייגע, האָט געדונגען אַ ביידל אויפן מאַרק און געוואָרן אַ קרעמערקע, כדי אויסצוהאַלטן די משפחה ((זייער זון, דוד, לעבט אין ירושלים. די טאָכטער, לאה, „לאָנקע", איז געווען טעטיק אין דער אונטערגרונט־באַוועגונג אַלס קור־יערין צווישן די שטעט; געכאַפּט געוואָרן דורך דער געסטאַפּאָ מיט געשמוגלט געווער און פאַרשיקט אַלס אַ פוילישע קיין אוישוויץ און דאָרט געשטאָרבן פון דער טיפוס־מגיפה).

דור הולך ודור בא. עס איז אונטערגעוואַקסן אַ נייע יוגנט, און ווידער האָט דעם לערערס קיכל אויפגעלעבט. די שולע „עבריה" איז דערווייל דורכגעגאַנגען פאַרשידענע גלגולים. די אַפּוטרופּסים זענען געווען די גאָר פרומע. מ'האָט קאָנטראָלירט ביי די קינדער די ציצית, געלערנט חומש מיט רש"י און גמרא. בראש פון דעם קאָמיטעט איז געשטאַנען דער רב, און אויך מיין טאַטע איז געווען אַקטיוו און געוואָלט אַזוי אַרום מכפר זיין פאַר זיין זון, וועמען ער האָט שטאַרק ליב געהאַט (אגב, נאָך דעם ברוגז פון צוויי יאָר האָט ער זיך מיט אים איבערגעבעטן און בשעת גסיסה זענען זיינע לעצטע ווערטער געווען: חיים איז דאָ ?).

נאָך דעם ווי דער רב איז נפטר געוואָרן איז מיין טאַטע אויך שטאַרק קראַנק געוואָרן און אויפגעהערט צו זיין טעטיק. די יוגנט האָט אָנגעהויבן צו קעמפן פאַר אַ מאָדערנער שולע, אָבער די רעאַלע ווירקלעכקייט האָט געצווונגען ביידע צדדים צו זוכן אַ פשרה. די קליינע קהילה האָט נישט געקאָנט זיך פאַרגינען צו האָבן צוויי שולן. מען האָט באַשלאָסן אויפצוהאַלטן אַ מאָדערנע שולע, וואָס זאָל אויך באַפרידיקן די רעליגיעזע יידן. עס איז געשאַפן געוואָרן אַ נייער קאָמיטעט פון רעליגיעזע און נישט־רעליגיעזע מענטשן. דער לערער פון זיין זייט איז אויך געווען געצווונגען צו באַווייזן אַ געוויסן זשעסט און צו די ימים־נוראים איז ער געגאַנגען אין שול אַריין. דאַן איז ער צוריק געוואָרן מנהל פון דער שולע. היטלען האָט מען געטראָגן נאָר בשעת די לימודי־קודש און אַזוי אַרום איז מען געקומען צו אַ קאָמפּראָמיס. די שולע איז ווידער אַרויף אויף אַ געוויסן ניוואָ און פאַרגעזעצט איר טעטיקייט ביז צו דער ליקווידאַציע פון דער קהילה בעת דער נאַצי־אָקופּאַציע. די שולע האָט דערצויגן פיל אָנגעזעענע יידן און צווישן זיי באַרימטע געטאָ־קעמפער און ווידערשטאַנד־גבורים.

ביי דער געלעגנהייט פיל איך פאַר מיין חוב צו ווידמען עטלעכע שורות דעם לערער קאָזשעבראָצקי און זיין פרוי. כאָטש איך ווייס, אַז אויך אַנדערע שרייבן לענגערע מאמרים וועג אים. זיין דערשיינונג ביי אונדז אין שטאָט האָט געעפנט אַ ניי קאַפּיטל אינעם יידישן לעבן פון פרושקאָוו. ער האָט מיט זיך געברענגט אַ שטענדיקן אומרו, געזוכט נייע זאַכן און אויך געפאָדערט פון אַנדערע נישט באַגנוגענען זיך מיטן יש, נאָר זוכן נייע וועגן, און דאָס איז געווען זיין הויפּט־השפּעה. ער האָט המיד געפאָדערט פון אַנדערע צו זיין טעטיק אויף אַלע געביטן פון לעבן. אַרום אים האָט זיך תמיד גרופּירט די בעסטע יוגנט פון שטאָט און פאַר זיי איז ער געווען דער גייסטיקער פירער. זיין ראָם איז געווען אַלזייטיק, ער האָט פיינט געהאַט גרענעצן און דערצויגן זיינע תלמידים אַרויסצורייסן זיך פון די ענגע ראַמען. ער האָט אויך נישט געקענט איינשטעלן אין דער ענגשאַפט פון פאַרטייאישע דאָקטרינעס און די אינדיווידואַליסטישע שטעלונג האָט געווירקט פיל מאָל קעגן דעם פאַרטייאישן לעבן פון דער יוגנט אין שטאָט. אין זיינע זוכענישן נאָכן יחיד האָט ער געשאַפן אַ גרופּע חלוצים־אינדיווידואַליסטן, באַווירקט דורך די אידעען פון טאָלסטאָי און טאַגאָרע, אָבער אויך פון

ניטשען. אין די יאָרן 1922־23 איז די גרופּע אַוועק קיין בערדאָוּשטשיזנע (ווילנער געגנט) אויף הכשרה. ער האָט אויך געזוכט שטיצע פאַר זיינע אידעען ביי הלל צייטלין. ער האָט אָבער גיך פאַרשטאַנען, אַז ער דערהייבט זיך צו הויך איבער דער תפיסה פון זיינע תלמידים און מיט זיין פּעדאַגאָגישן אינסטינקט איז ער צוריק אַראָפּ צו מער פּראַקטישע עקספּערימענטן. ער האָט געגרינדעט די אייגנאַרטיקע חלוצישע קבוצה „יחידיה“, וועלכע האָט געזאָלט דינען אַלס לאַבאָראַטאָריע פאַר זיינע וועלט־אַנשויאונגען. אַ דאַנק דעם זענען פיל פון זיינע תלמידים עולה געווען און אין רעזולטאַט האָבן מיר היינט עטלעכע צענדליק משפחות אין מדינת ישראל.

## דאָס געזעלשאַפטלעכע לעבן

דאָס פּאַרטייאישע און אָרגאַניזאַציאָנעלע לעבן אין פּרושקאָוו הייבט זיך אָן מיט דער דייטשער אָקופּאַציע בעתן ערשטן וועלט־קריג. דעמאָלט האָט זיך געגרינדעט די אַלגעמיינע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע. אַ לאַנגע צייט איז דאָס געווען די איינציקע פּאָליטישע אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט געפירט אַ פּאַ־צווייגטע פּאָליטישע און קולטורעלע טעטיקייט. זי האָט געשאַפן די ערשטע ביבליאָטעק און אָרגאַניזירט דעם דראַמאַטישן קרייז; געוויילט אירע פאָרשטייער אין דער קהילה און געפירט די אַרבעט אין דער הילצערנער געביידע פון ראַבינאָוויטשן. אַ דאַנק דער אָרגאַניזאַציע איז געשאַפן געוואָרן די העברעאישע שולע.

אין דעם זעלבן לאָקאַל האָט זיך אויך געגרינדעט דער „השומר הצעיר“



**ראשוני „השומר־הצעיר“**

שורת העומדים מימין לשמאל: חיים וילנר, משה בירנבוים, אורץ דוד, שוסטר זליג, קניגשטיין אידעק, גרומן שלמה, גוטוביץ כייבל, יזרעלביץ, יוסף בורנשטיין, גרומן ישראל. יושבים: בקר משה, בקר אלימלך, פרידמן דוד, פרידמן אשר, בורנשטיין נח, גולד, אורץ יעקב, שובזק מרדכי, בורנשטיין משה.

שוכבים: בקר יעקב פישל, גלברד מוניק.

אונטער דער לייטונג פון די ברידער בעקער, פרידמאַן, אָראַטש א״אַ. דער גרוי־סער הויף איז אויסגענוצט געוואָרן אויף ספאָרט־איבונגען (וועגן ספאָרט אין פּרושקאָוו קומט אַ באַזונדערע באַשרייבונג). ליידער האָט די דאָזיקע אָרגאַניזאַ־ציע לאַנג נישט עקזיסטירט, ווייל אירע פירער זענען עולה געווען מיט דער דריטער עליה קיין ארץ־ישראל. אָבער אין דער קורצער צייט האָט די ציוניס־טישע אָרגאַניזאַציע צוזאַמען מיטן „השומר הצעיר״ באַוויזן דורכצופירן אַקציעס, זאמלונגען פאַרן קרן־קיימת און אויך פאַרן קרן־היסוד. צוויי גראַנדיעזע אונ־טערנעמונגען זענען מיר פאַרבליבן טיף אין זכרון און האָבן איבערגעלאָזט אַ רושם ביז איצט. דאָס איז געווען די פייערונג פון דער באַלפור־דעקלאַראַציע אין בית־המדרש און די פייערונג פון דער הערצל־יאָרצייט. די באַלפור־דעקלאַראַציע האָט אַרויסגערופן ביי די יידן אַ ספּאָנטאַנישן אויסברוך פון אומגעצוימטער פרייד. אַ געפיל פון ענטוזיאַזם געגרענעצט כמעט מיט רעליגיעזן עקסטאַז — פּשוט עקבתא דמשיחא. אין אַ געוויסן טאָג, צווישן מנחה און מעריב, איז פאָרגעקומען אַ ריזיקער מיטינג. דער בית־המדרש איז געווען איבערפולט פון עק ביז עק און אַפילו די עזרת־נשים איז געווען געפּאַקט. עס זענען געהאַלטן געוואָרן פייערדיקע רעדעס, מ׳האָט געזונגען און געטאַנצט און זיך געווונטשן אַ גאולה שלימה בקרוב. יידן האָבן געגעבן געלט ביד רחבה און פון דער עזרת־נשים האָט מען אַראָפּגעוואָרפן גאָלדענע רינגלעך און אַנדערע צירונג פאַרן אויפבוי פון ארץ־ישראל. די ערשטע וואָס האָט געגעבן אַ גאָלדענעם רינג, געפּאַסט מיט אַ בריליאַנט, איז געווען פייגע פרידמאַן און נאָך איר האָט זיך אַ שאָט געטאָן מיט צירונג. איך געדענק, ווי אין מיין קינדערישער פאַנטאַזיע האָב איך שוין געזען ווי אָט־אָט נעמט זיך צונויף דאָס גאַנצע שטעטל, בנעורינו ובזקנינו, און מע גייט קיין ארץ־ישראל. איך האָב שוין געזען פאַר זיך דאָס הייליקע לאַנד, מיט יידיש מיליטער און יידישער פּאָ־ליציי און נישט קיין איין שייגעץ אויף אַ רפואה! אָבער עס האָט נאָך לאַנג גע־דויערט ביז מיין חלום איז פאַרווירקלעכט געוואָרן.

די צווייטע אונטערנעמונג, וואָס האָט איבערגעלאָזט אַ גרויסן רושם, איז געווען די הערצל־יאָרצייט. דאָס איז פאָרגעקומען אין דעם זאַל פון ראַבינאָוויטש׳ס הויז. אין אַ נישט־גרויסן זאַל האָט זיך אַריינגעפּאַקט אַ ריזיקער עולם און פיל האָבן געמוזט בלייבן אין דרויסן. דער זאַל איז געווען שיין דעקאָרירט מיט בלוי־ווייסע פענער און מיט בילדער פון באַקאַנטע ציוניסטישע פירער. אין ווינקל איז איינגעאָרדנט געוואָרן אַן עסטראַדע און אויף איר אַ מצבה מיט אַ גרויס בילד פון ד״ר הערצל. אונטער דער מצבה איז געשטאַנען דער חזן רב הירש־יעקב ז״ל מיט זיין כאָר און געזונגען זיין באַקאַנטן „אל מלא רחמים״. דער חזן, אַ זייער פרומער ייד, האָט מסכים געווען צו זינגען בתנאי ער זאָל זיין פאַרשטעלט דורך דער מצבה, בכדי דער עולם זאָל אים נישט זען, און בפרט די ווייבער (דער דאָזי־קער „אל מלא רחמים״ ווערט נאָך היינט געזונגען דורך זיין זון, דן, יבדל״א, און עטלעכע משוררים פון יענער צייט).

## די „מזרחי"־אָרגאַניזאַציע

אין דער זעלבער צייט איז געשאַפן געוואָרן די „מז־חי", אָנגעפירט דורך ר' יעקב סטאַלאָוויטש, מיין פאָטער, זלמן יערעמיאַש, יעקב ניסענצוויג, יצחק פריידזאָן, ראובן באַרענשטיין א״אַנד. זיי האָבן עס אויך געגרינדעט דעם „מזרחי"־חדר. איך מיין, אַז אַט די אַלע פרומע ייִדן, חסידים יראים וחרדים, זענען נישט געווען אַזוי וויט פאַראינטערעסירט אין זייער פּאַרטיי ווי אין דעם חדר. און אים האָבן זיי טאַקע אָפּגעגעבן פיל ענערגיע, מי און געלט.

זיי האָבן געטרוימט, אַז זייערע קינדער וועלן נאָכגיין אין זייערע דרכים. אָבער די פּרושקאָווער יוגנט האָט זיך אַלץ מער דערווייטערט פון רעליגיעזן ייִדנטום און אין די לעצטע יאָרן האָט מען שוין זעלטן באַגעגנט אין גאַס אַ ייִד אין אַ קאַפּאָטע מיט באָרד און פּאות. דאָך האָבן די אַלטע פרומע ייִדן געגלייבט, אַז



מסדר פרידה לשני חברי „השומר הצעיר" אשר פרידמן ז״ל ויעקב אורן, לעלייתם לארץ ב־20.11.1920

דורכן חדר וועט זיי געלינגען אָפּצוראַטעווען עפּעס ביים יונגן דור. דער כמעט איינציקער איבערגעגעבענער מזרחיסט — אין פּאַרטייאישן זין — איז געווען ר' יעקב סטאַלאָוויטש. ער האָט עס אויך געשאַפן די „פרחי־מזרחי" פון צווישן די חדר־ייִנגלעך. אין איינעם פון די חדר־צימערן, האָבן די עלטערע תלמידים אויפֿגעשטעלט אַ באַריערע און איינגעאָרדנט אַ משרד. מ'האָט אויפגעהאָנגען דאָס בילד פון הרב קאַלישער און מ'האָט אָנגעהויבן פאַרשידענע טעטיקייטן. אָבער מיט דער ליקווידאַציע פון חדר איז אויך דאָס ליקווידירט געוואָרן.

## דער „בונד‟ (ערשטער פעריאָד)

אַ טייל חברים האָבן זיך אָפּגעריסן פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע און געגרינדעט דעם „בונד‟ אונטער דער אָנפירונג פון נח באָרענשטיין, ישראל און אַלטער באָרענשטיין, יצחק קעניגשטיין, קאָפּל בוכהאָלץ און לוי וויסבערג. די טעטיקייט האָט זיך געפירט אונטערן נאָמען פון קולטור־פאַראיין, וואָס האָט געהאַט זיין לאָקאַל אויף דער קרוטקע־גאַס. די דאָזיקע בונדישע אָרגאַניזאַציע האָט אָבער לאַנג נישט עקזיסטירט און נאָך דער שפּאַלטונג פון „בונד‟ אין פוילן איז זי אַריבער צו די קאָמוניסטן.

דער ערשטער שריט פון די בונדיסטן איז געווען: אַרויסגנבנען די ביב־ליאָטעק פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע און באַהאַלטן די ביכער אויף אַ בוידעם. נאָך אַ לאַנגן משא־ומתן איז די ביבליאָטעק פונאַנדערגעטיילט געוואָרן און דער גרעסטער טייל ביכער איז צוריקגעגעבן געוואָרן די ציוניסטן (דאָס איז די שפּעטערדיקע „פּרץ‟־ביבליאָטעק). די קלענערע טייל איז געבליבן אינעם באַזיץ פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי אונטערן שילד פון „קולטור־פאַראיין‟. דער דאָזיקער פאַראיין איז תמיד געווען אַ קליינער און קיין מאָל נישט געציילט מער ווי אַ דריי צענדליק מיטגלידער און זייער השפעה אויף דער יידישער יוגנט אין שטאָט איז געווען אַ נישטיקע (אַ באַזונדערע רשימה געווידמעט דעם „קולטור־פאַראיין‟ קומט שפּעטער אין דעם בוך). אין די שפּעטערדיקע יאָרן, נאָך היטלערס קומען צו דער מאַכט, זענען געמאַכט געוואָרן אייניקע פּרוון פון בשותפותדיקער אַנטיפאַשיסטישער טעטיקייט, לויט דער איניציאַטיוו פון לוי וויסבערג.ליידער איז דער דאָזיקער פּרווו נכשל געוואָרן צוליב דער אָפּאָזיציע פון דעם קאָמוניס־טישן צ. ק. אין יענער צייט.

## די „פּרץ‟־ביבליאָטעק

די ערשטע צייט האָט זיך די ביבליאָטעק געפונען אין דער שולע „עבריה‟. דאָרט פלעגן זיך יעדן אָוונט צונויפקומען יינגלעך און מיידלעך און טוישן ביכער. בראש פון דער טעכנישער אַרבעט אין אין דער ערשטער צייט געשטאַנען יצחק ראָטבוים, וועלכער איז צוזאַמען מיט אַנדערע געזעסן ביי אַ חלב־ליכטל, פאַרראָכטן די צעריסענע ביכער און אַליין איינגעבינדן די ניי־געקויפטע עקזעמפּלאָרן. אייג־ציקווייז האָט זיך די ביבליאָטעק צעוואקסן און אַרומגענומען דעם גרעסטן טייל פון דער יידישער יוגנט און אַרום איר זענען טעטיק געווען גרופּן פון פאַרשי־דענער פּאָליטישער שאַטירונג. דאָס צימערל איז געוואָרן זייער ענג און מען האָט געדונגען אַ גרעסערן זאַל ביי קוויאַטקאָווסקין אין הויז. מען האָט אָנגעהויבן אַ טעטיקייט אין וועלכער די יוגנט האָט געזען אַ מין עבודת־הקודש; צונויפגע־קלאַפּט אַ גרויסע שאַנק, געמאַכט טיש און בענק. יעדע גרופּע האָט געהאַט צו איר דיספּאָזיציע איין אָוונט אין דער וואָך, אַחוץ די אַלגעמיינע קולטורעלע טעטי־קייטן. דער גרעסטער טייל יוגנט האָט געהערט צו דער „פרייהייט‟. די רעוויזיאָ־

ניסטן, אונטער דער אָנפירונג פון משה גאָלד, האָבן אָנגעהויבן זייער טעטיקייט אין אַ קלענערן מאָסשטאָב. אַ קלענערע צאָל יוגנטלעכע האָט זיך גרופירט אין דער „צוקונפט". אין אַלגעמיין איז געפירט געוואָרן אַ לעבהאַפטיקע טעטיקייט: רעפע־ראַטן, דיסקוסיעס, קעסטל־אָוונטן א.אַ.וו.

ווען אויך דער נייער לאָקאַל איז ענג געוואָרן, האָט מען געדונגען אַ גרויסן לאָקאַל אין הויז פון משה „בלאַכאַזש". דאָרט האָט מען שוין איינגעפירט ספּאָרט־אונטערנעמונגען. די „פרייהייט" איז געוואַקסן אין צאָל אונטער דער ליטונג פון יעקב זילבערבערג, מאיר זילבערבערג, ירחמיאל בראַנד און אַנד. עס איז אויך געפירט געוואָרן אַן אינטענסיווע חלוצישע דערציאונגס־אַרבעט צווישן דער יוגנט. נאָכן עולה זיין פון יעקב זילבערבערג זענען די הויפּט־פירער געבליבן מאיר זילבערבערג, ירחמיאל בראַנד, לאָנקע קאָזשעבראָצקי ז"ל און דער שרייבער פון די שורות. די דאָזיקע אינטענסיווע אַרבעט האָט זיך געצויגן ביזן אויסברוך פון דער מלחמה, און אַפילו בשעת דער נאַצי־אָקופּאַציע. איינע פון די לעצטע אַרבעטן פון דער „פרייהייט" איז געווען דאָס פאַרפּאַקן די כמעט צוויי טויזנט ביכער און באַגראָבן די זעק אויפן הויף פון האַמערשטיין, אויף דער קרוטקע־גאַס.

## דער „החלוץ" און הכשרה

נאָך דער דריטער עליה, ווען אַ גרעסערע גרופּע פון פּרושקאָווער יוגנטלעכע איז אַוועק קיין ארץ־ישראל, האָט זיך אין משך פון עטלעכע יאָר נישט געפירט קיין ספּעציעלע חלוצישע אַרבעט. ערשט אין 1924 האָט זיך ווידער געגרינדעט דער „החלוץ", אַרום וועלכן עס האָט זיך גרופירט די עלטערע יוגנט. עטלעכע יאָר האָט דער „החלוץ" געפירט אַן אַקטיווע אַרבעט ביז דער גרעסטער טייל חברים איז עולה געווען און די אָרגאַניזאַציע האָט אויפגעהערט אָפיציעל צו עקזיסטירן. איר טעטיקייט איז איבערגענומען געוואָרן דורך דער „פרייהייט".

אין די יאָרן 1931—32 איז אויפגעשטעלט געוואָרן אין פּרושקאָוו אַ הכשרה־קיבוץ. דאָס איז געווען אין דער צייט פון דער גרויסער הכשרה־עקספּאַנסיע, ווען טויזנטער חלוצים האָבן געוואַרט אויף עליה און דער „החלוץ" איז געווען געצוווּנ־גען צו געפינען פאַר זיי הכשרה־פּונקטן. ווען די ערשטע חלוצים זענען אָנגעקומען קיין פּרושקאָוו האָבן זיי געהאַט אויסצושטיין גרויסע שוועריקייטן. די יידישע באַפעלקערונג איז נישט געווען געוויינט צו זען יידישע בחורים און מיידלעך אַרבעטן ביי שווערער פיזישער אַרבעט. אויך די ערשטע וווינונג איז געווען קליין און ענג.

דאָן האָט די יידישע געזעלשאַפטלעכקייט אויף אַן ערנסטן אופן גענומען העלפן די חלוצים. עס איז געשאַפן געוואָרן אַ פּאַטראָנאַט פון די פּערזאָנען טשאַרנעצקי, עראַזם ראָזענאָוויטש, וואַלמאַן און מנשה אָפּאָזדאָווער. דער פאַבריקאַנט ערענרייך האָט אָפּגעגעבן פאַר דעם קיבוץ אַ בריווחדיקן בנין און אויך באַשעפטיקט ביי זיך אין דער פאַבריק די גרעסטע טייל חלוצים. די וואָס האָבן ביי אים נישט

געפונען קיין אַרבעט האָט דער פּאַטראָנאַט אַ־יינגעשיקט אין פּונקטן, וואָס ביז דעמאָלט האָבן יידן דאָרט קיין מאָל נישט געאַרבעט. דער פּאַטראָנאַט האָט אויך געזאָרגט פאַר הלוואות, פּאַרווייַלונג, ראַדיאָ און אַנדערע קולטור־אונטערנעמונגען. די צאָל פון חלוצים האָט טיילמאָל דערגרייכט 60—70.

מיטן אויסברוך פון דעם קריג איז זיך דער קיבוץ צעפאַלן. אַ קליינער טייל האָט זוכה געווען עולה צו זיין, אָבער דער גרעסטער טייל איז אומגעקומען צוזאַמען מיטן חורבן פון פּוילישן יידנטום.

### רעוויזיאָניסטן

די רעוויזיאָניסטישע אָרגאַניזאַציע איז נישט געווען קיין גרויסע, אָבער געהאַט אַ צאָל ערנסטע און אינטעליגענטע חברים. דאָס איז געווען אַ קליינע און גע־שלאָסענע גרופּע, וואָס האָט געפירט אַן אינטענסיווע ערציערישע אַרבעט. בראש פון דער אָרגאַניזאַציע זענען געשטאַנען משה גאָלד, דוד אַפּאַזדאָווער, מרדכי קירשענבוים און מנשה גאָלדשטיין. בעת דער שפּאַלטונג אין דער רעוויזיאָניסטישער באַוועגונג, זענען די לעצטע צוויי אַרויסגעטראָטן און געשאַפן אַן אָפּטיילונג פון גראָסמאַנס „יידנשטאַט"־פּאַרטיי, וועלכע האָט אָבער קיין השפּעה נישט געהאַט. איינציקע מיטגלידער פון דער רעוויזיאָניסטישער אָרגאַניזאַציע האָבן באַוויזן עולה צו זיין, אָבער די מערהייט איז אומגעקומען צוזאַמען מיט אַנדערע פּרושקאָ־ווער יידן.

### דער „בונד"

אין 1930 האָט דער „בונד" באַנייט זיין טעטיקייט. לוי ווייסבערג, צוזאַמען מיט חיים אַפּוזדאָווער, משה קנעכט און אַנדערע האָבן געגרינדעט די גרופּע, וועלכע איז נישט געווען גרויס אין צאָל, אָבער אַקטיוו און איבערגעגעבן. עס איז געלונגען צו גרינדן אַ „צוקונפט"־אָרגאַניזאַציע פון בערך 15 יוגנטלעכע. דער „בונד" האָט געפירט אַן אינטענסיווע אַרבעט, אָבער זיין השפּעה אויף דער יידישער יוגנט איז געבליבן באַגרענעצט. לוי ווייסבערג האָט אויך אָנגע־קניפּט אַן ענגן קאָנטאַקט מיט דער אָרטיקער פּ.פּ.ס., אָבער עס האָבן אים נישט געקלעקט די נייטיקע יידישע כוחות, כדי דעם קאָנטאַקט אויסצונוצן לטובת זיין פּאַרטיי.

### קאָנטאַקטן מיט פּוילישע אַרבעטער

די דאָזיקע שליחות האָט אויסגענוצט מיט מער הצלחה דער יונגער טוער פון „פרייהייט" דוד קאָזשעבראָצקי און שפּעטער זיין שוועסטער לאָנקע, וועלכע זענען געווען אַקטיוו אויך אין דער פּ.פּ.ס.־יוגנט „טור". די צוזאַמענאַרבעט האָט

דערפירט צו געמיינזאַמע ערשטע־מאַי־דעמאָנסטראַציעס און קולטור־טעטיקייטן. די געמיינזאַמע אַרבעטן האָבן אויך דערפירט צו אַ געמיינזאַמער אַקצ׳יע קעגן אַנטיסעמיטישע כוליגאַנעס. מ׳האָט זיך דערוווסט, אַז די פוילישע נאַציס פּלאַנירן אַן איבערפאַל אויף יידן בשעת דעם פּריטיקדיקן מאַרק. עס איז צונויפגערופן געוואָרן אַ זיצונג פון דער פּ.פּ.ס. צוזאַמען מיט די פאָרשטייער פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען און מען האָט באַשלאָסן, אַז בעת אַן איבערפאַל זאָלן אַלע סירענעס פון די פאַבריקן אַלאַרמירן די אַרבעטער. אַזוי איז עס טאַקע געשען. די אַרבעטער זענען אַרויס פון די פאַבריקן און צוזאַמען מיט דער יידישער יוגנט געשטעלט אַ ווידערשטאַנד די כוליגאַנעס, ביז זיי זענען געווען געצוווּנגען אַנצוקומען צו פּאָליציי־שוץ. זינט דאַן זענען שוין מער קיין אָרגאַניזירטע איבערפאַלן נישט פאָרגעקומען.




## דער דראַמאַטישער קרייז

דער קרייז האָט אָנגעהויבן זיין טעטיקייט נאָך אין 1917. די ערשטע פאָרשטעלונג איז געווען „כאַסיע די יתומה" און די לעצטע — „בר־כוכבא", אין 1939. דער קרייז איז געווען דער געטרייער באַגלייטער פון יעדער קולטורעלער, פּאָליטישער און געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט; ער איז פיל מאָל געווען די איינציקע קולטורעלע פאַראַנשטאַלטונג.

אין אָנהייב האָט זיך די רעזשי געפונען אין די הענט פון אַ קאָלעקטיוו — קירשענבוים, ניסענצווייג און קאָזשעב־אַצקי. אָבער די ערשטע צוויי האָבן שנעל

אויפגעגעבן די דאָזיקע „קאַריערע״ און אַוועק צו זייערע טאָג־טעגלעכע דאַגות־פּרנסה, און דער קרייז איז געבליבן אין די הענט פונעם לערער.

דער קרייז האָט שטאַלצירט מיט זיינע אַרטיסטישע כוחות און זיך געשאַפן אַ גוטן נאָמען אין דער גאַנצער אומגעגנט. נישט ווייניק האָט דערצו געהאָלפן ראָטבוים, ווען עס איז געקומען צו דעקאָראַציע, גרים, ליכט־עפעקטן און אַנדערע טעכנישע אַרבעטן. דער קרייז איז אויך געווען אַ וויכטיקר מקור פון הכנסה פאַר דער ביבליאָטעק און אַנדערע צוועקן. די אַרטיסטישע כוחות האָבן זיך אָפּט געביטן, לויט די דורות, אַזוי, אַז דער ניוואָ איז נישט געווען קיין איינהייטלעכער. געוועזן צייטן ווען דער קרייז האָט געהאַט אַרטיסטישע כוחות וואָס זענען געשטאַנען העכער פון דורכשניט, ווי: מ. געלבאַרד, חיים אַפּאַזדאָווער, עדזשאַ נאַפּטאַל, עוואַ קאַרנגאָלד, ראָזען און אַנדערע. אין אַלגעמיין איז דער ניוואָ געווען אַ הויכער ווי פאַר אַן אַמאַטאָרן־קרייז; קאָזשעבראָצקי אַלס רעזשיסער האָט תמיד מצליח געווען אַרויסצובאַקומען פון די יוגנטלעכע אַקטיאָרן דעם מאַקסימום.

אין 1927 איז מיט גרויס פּאַרנעם געפייערט געוואָרן דער צען־יאָריקער יובילײ פון דעם דראַמאַטישן קרייז. דאָס איז געווען אַ גראַנדיעזע אונטערנעמונג אויף וועלכער עס זענען אויסגעפירט געוואָרן טיילן פון פאַרשידענע דראַמעס, וואָס דער קרייז האָט אויפגעפירט במשך די צען יאָר. לכבוד דעם יובל איז אויך אַרויסגעגעבן געוואָרן אַ פּראָגראַם מיט אַ קורצער באַשרייבונג פון דעם קרייז און אַ בילד פון אַלע מיטגלידער, צונויפגעשטעלט דורך יצחק ראָטבוים.

אַ געוויסע צייט האָטביים קרייז אויך עקזיסטירט אַ כאָר אונטער דער לייטונג פון די ברידער ביאַליק, וואָס איז אויפגעטראָטן מיט גרויס דערפאָלג אין אַ רייכן רעפּערטואַר.

לויטן פּלאַן, האָט מען זיך געגרייט צו פייערן דעם 25סטן יובל פון דעם קרייז אין 1942, אָבער מען איז דערצו נישט זוכה געווען.

### יידן בני־רחמנים

איך וואָלט נישט יוצא געווען ידי־חובה, ווען איך זאָל נישט דערמאָנען אין עטלעכע שורות די ווילטעטיקע אינסטיטוציעס פון אונדזער קהילה.

במשך פון פיל יאָרן האָט עקזיסירט ביי אונדז די גמילות־חסדים־קאַסע. אין גלותדיקן לעבן פון קליינהענדלעריי און האַנטווערקעריי האָט די דאָזיקע קאַסע געשפּילט אַן ערנסטע ראָלע אין יידישן לעבן. בראש פון דער קאַסע זענען געשטאַנען כלל־טוער, ווי ראָזענבלום, יערעמיאַש, ראובן באַרענשטיין, וואָס האָבן אָפּגעגעבן פיל צייט און מי פאַר דער אינסטיטוציע; זיי האָבן אויך געשאַפן דעם גרונט־קאַפּיטאַל פון דער קאַסע אין די ערשטע יאָרן. זיי האָבן געפירט די קאַסע אויפן אַלטן סיסטעם. דער נצרך האָט זיך געווענדט צו איינעם פון די כלל־טוער נאָך אַן הלוואה און עס איז פון אים געווען אָפּהענגיק צי ער האָט די

הלוואה באַקומען און אויף וואָס פאַר אַ באַדינגונגען. פאַרשטייט זיך, אַז די שיטה האָט געשאַפן אַן אַטמאָספער פון חניפה און תקיפות. שפּעטער האָבן יונגע כוחות אָנגעהויבן צו פאָדערן אַ רעוויזיע אין דער שיטה, און בפרט ווען די קאָסע האָט זיך אַנטוויקלט און איז געוואָרן אַ פיליע פון דער צענטראַלער גמילות־חסדים־קאָסע אין וואַרשע.

עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ ביטערער געראַנגל צווישן די אַלטע און די יונגע. מען דאַרף דאָ אונטערשטרייכן, אַז דער קאַמף איז קיין מאָל נישט געווען באַגלייט מיט חשדים אָדער, חס וחלילה, באַשולדיקונגען אין מיסברויכן. עס איז פשוט געגאַנגען אין דעם, צי די וויכטיקע אינסטיטוציע זאָל ממשיך זיין אויפן אַלטן שטייגער פון אומאָרדענונג און פּראָטעקציאָניזם, אָדער זיין אַ פּראָגרעסיווע, דעמאָקראַטישע קאָסע. צום סוף האָבן די עלטערע פאַרשטאַנען, אַז מען מוז איינפירן שינויים. עס זענען דורכגעפירט געוואָרן וואַלן און עס זענען אַריין אין דער פאַרוואַלטונג אַ צאָל יונגע מענטשן, צווישן זיי חיים קעניגשטיין, וואָס האָט זיך איבערגעגעבן דער זאַך. עס איז געדונגען געוואָרן אַ משרד, און צוויי מאָל אַ וואָך האָט מען אָנגענומען בקשות אויף הלוואות, וואָס זענען באַשטעטיקט געוואָרן דורך אַ ספּעציעלער קאָמיסיע. אַזוי אַרום האָט די קאָסע געפירט אַ געזונטע טעטיקייט ביזן אויסברוך פון קריג.

געווען אַ צייט, ווען מיר האָבן אויך געהאַט אַ „הכנסת־אורחים" אָנגעפירט פון שלמה הלל אָפּאָזדאָווער, זלמן יערעמיאַש און ראובן באָרענשטיין. איבער דער געביידע פון דער מקווה האָבן זיי איינגעאָרדנט צוויי צימערן פאַר מענער און פרויען. זיי האָבן געזאָרגט פאַר די אורחים און שבת פאַרטיילט די אורחים צווישן די בעלי־בתים לויט דער ריי. אויב אַ בעל־הבית האָט, צוליב וועלכער עס איז נישט סיבה, נישט געקאָנט נעמען דעם אורח, האָט ער געמוזט געבן אָנשטאָט דעם אַ סכום געלט. די אינסטיטוציע האָט אָנגעהאַלטן אַ געוויסע צייט. לײדער זענען צווישן די אורחים געווען אויך אורחא־פורחא און נבזים, וואָס האָבן אויסגענוצט די מעשים־ טובים פון יידן פאַר קרימינעלע זאַכן און צוליב זיי האָט זיך די אינסטיטוציע ליקווידירט.

עס איז אויך געווען אין שטאָט אַ „לינת־הצדק" און „ביקור־חולים". מיין פאָטער ז"ל האָט אָנגעהויבן איינפירן רעפאָרמען אין זיי, אָבער ער אַליין האָט נישט געקענט טראָגן די פינאַנסיעלע לאַסט דערפון. איז עס אַריבער צום ועד־הקהילה, וואָס האָט איבערגענומען די פינאַנס־פראַגע, אָבער די אַרבעט איז געטאָן געוואָרן פון אַ צוויי מנינים גוטע יידן. אָרעמע קראַנקע האָבן באַקומען אומזיסט אָדער פאַר אַ קליינעם אָפּצאָל מעדיצינען און אַ באַזוך פון דאָקטאָר און אויך געלט־שטיצע. פיל מאָל איז איינער פון דער חברה געבעכטיקט ביי אַ קראַנקן בהתנדבות.

אַ באַזונדערע ווילטעטיקע אַרבעט האָט מען געטאָן פאַר די קראַנקע אין טוואָרקי. דאָס איז געווען איינער פון די גרעסטע שפּיטאָלן פאַר גייסטיק־קראַנקע אין פוילן. אַ דאַנק דער השתדלות פונעם רב ז"ל פלעגן פיל קראַנקע

קומען דאַוונען אין בית־המדרש יעדן יום־טוב און שפּעטער אויך עסן מיטאָג ביי די בעלי־בתים. נאָכן עסן פלעגט דער בעל־הבית צוריקברענגען דעם קראַנקן צום שול־הויף ווו עס האָט אויף אים שוין געוואַרט דער שומר, צוריקצוברענגען אים אין שפּיטאָל. ווער געדענקט נישט דעם הויכן און מגושמדיקן „ח־יי־ים" מיטן שטענדיקן בעטן „„גיב אַ פּאַפּיראָס"; אָדער דעם משוגענעם רב וואָס האָט דעם גאַנצן יום־כיפּור נישט אויפגעהערט גיסן טייכן טרערן; און נאָך איינער וואָס האָט געטענהט, אַז ער איז אַ רב און געשאָלטן מיט רוסישע קללות; און נאָך אַנדערע טיפּן און קוריאָזן פון שול־הויף. דאָס אַלץ איז געווען אין סתם־ימים־טובים. אָבער פּסח־צייט האָט דער רב אָרגאַניזירט אַ גרופּע יינגלעך, וואָס האָבן געברענגט פאַר די יידישע קראַנקע אין טוואָרקי קעסלען מיט פּסחדיק עסן און מיט מצות, אַז זיי זאָלן, חלילה, נישט זיין געצוווּנגען צו עסן חמץ.




**פרשת „זבאָנשין"**

נאָוועמבער 1938 האָט די היטלער ־רעגירונג צונויפגענומען אין דייטש־לאַנד יידן מיט פּוילישער בירגערשאַפט, אָדער „שטאַטלאָזע" און זיי פאַר־טריבן צו דער פּוילישער גרענעץ אין זבאָנשין. דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל, ווען דער טערמין „פּליטים" איז אַריין אין דער טערמינאָלאָגיע פון מאָדער־נעם אייראָפּעאישן יידנטום. דער יידישער ישוב אין פּוילן האָט אויפגעציטערט און אין ספּאָנטאַנישער איינהייט באַשלאָסן צו פאַרלייכטערן די ליידן פון די דאָזיקע „יידן־פּליטים". עס איז אָרגאַניזירט געוואָרן אַ גרויסע הילפס־אַקציע. מען

האָט געזאַמלט געלט און מלבושים. און אַזוי ווי אין אַנדערע שטעט איז אויך ביי אונדז באַלד געגרינדעט געוואָרן אַ ספּעציעלער הילף־קאָמיטעט. בראש פון קאָמיטעט איז געשטאַנען דער נייער רב, הרב מרגלית (היינט אין אַמעריקע) און דער שרייבער פון די שורות איז געווען דער סעקרעטאַר (דאָס זענען לײדער אויך די איינציקע לעבן־געבליבענע מיטגלידער פון דעם קאָמיטעט). אַקטיווע מיט־גלידער זענען אויך געווען דוד פּאַסטאַלסקי, זלמן יערעמיאַש, יעקב סטאַלאָ־וויטש, חיים קעניגשטיין, יאַן טשאַרנעצקי, עראַזם ראַזענאַוויטש, וואַלמאַן און אַנדערע. דער קאָמיטעט האָט גערופן אין דעם בית־המדרש אַ גרויסע מאַסן־פאַרזאַמלונג אויף וועלכער עס זענען געקומען די מערהייט יידן פון שטאָט, אנשים, נשים וטף, פשוטו כמשמעו. דער בית־המדרש איז געווען איבערפולט און אַ גרויסער טייל פון עולם האָט געמוזט שטיין אין דרויסן. פאַרשטייער פון אַלע פּאַרטייען און ריכטונגען זענען אויפגעטראָטן מיט קורצע אָבער האַרציקע רעדעס, וואָס האָבן איבערגעלאָזן אַ שטאַרקן רושם אויפן גאַנצן עולם.

אויפן אָרט איז פּראָקלאַמירט געוואָרן אַן אַקציע און עס איז באַלד געזאַמלט געוואָרן אַ סומע פון פינף טויזנט זלאָטעס, אויסער די דעקלאַראַציעס פאַר שפּעטערע סומעס. עס זענען אויך געזאַמלט געוואָרן פיל מלבושים, שוכוואַרג און אַנדערע ווערטזאַכן, וועלכע זענען גלייך איבערגעשיקט געוואָרן צו דעם צענטראַלן הילף־קאָמיטעט אין וואַרשע. לויט דער איניציאַטיוו פון דער אָרטיקן קאָמיטעט, זענען געקומען צו אונדז פיר משפחות פון די כליטים, וואָס זענען דורך אים איינגעאָרדנט געוואָרן. די פיר משפחות, וואָס האָבן געציילט 13 נפשות, האָבן דורכן קאָמיטעט באַקומען אַן אומזיסטע דירה, באַהייצונג און באַלייכטונג און דערצו נאָך שטיצע פון 35 זל. אַ וואָך פאַר יעדער משפחה. דאָס איז דאַן געווען אַ גאָר שיינע שטיצע, וואָס איז דער דורכשניטלעכער געהאַלט פון אַן אָנגעשטעלטן אָדער אַרבעטער.

וויל איך ביי דער געלעגנהייט דערמאָנען די ספּעציעלע אַקטיוויטעט פון דעם קאַסירער פון קאָמיטעט, דוד פּאַסטאַלסקי. ער איז דאַן געווען אַליין נאָך אַ שווערער קראַנקהייט; מיט אַ לייכטן פּאַראַליזש איז ער אַרומגעגאַנגען אַ קראַנקער און איינקאַסירט די דעקלאַרירטע סומעס פאַר די פּליטים־משפחות. די דאָזיקע אַקציע האָט זיך געצויגן ביזן אויסברוך פון קריג, ווען די פּליטים האָבן געטיילט דעם ביטערן גורל פון זייערע ברידער־יידן פון פּוילן.

## דער טרויעריקער סוף

דער 1טער סעפּטעמבער 1939 איז געווען אַ שיינער, זומערדיקער טאָג. צווישן 10—11 פרי זענען די גאַסן אומעטיקער ווי תמיד, דער מסחר איז טויט; דאָ און דאָרט זעט מען אַ גרופּע יידן מיט פאַרזאָרגטע פּנימער. די שטימונג איז אַן אָנגעשטרענגטע. די לופט שמעקט מיט פּולווער. שוין עטלעכע טעג ווי

עס איז נישטאָ קיין ליכט אין די אָוונטן און עס קומען פאַר כסדר לופט־איבונ־גען. קיינער גלייבט אָבער נישט, אַז עס וועט קומען צו אַ מלחמה. יידן שטייען אין די קראָמען און דיסקוטירן הייס. יעדער זאָגט אַרויס זיין השערה. ביים קוילן־סקלאַד פון ראָזענבלומען זאַמלען זיך צונויף עטלעכע בעלי־בתים און כּירן אַ שמועס, און אַנדערע, פּשוטע יידן שטעלן אויף די אויערן צו כאַפּן עפּעס אַ קלוג וואָרט. ראָזענבלום זאָגט אַרויס אַ סברה, אַז עס איז נאָך אַלץ „פּיסק־מלאכה" און צו אַ מלחמה איז עס נאָך ווייט. דער „ימח שמו" וועט נישט זיין אימשטאַנד זיך שלאָגן מיט אַ גאַנצער וועלט. יידן כאַפּן אונטער די סברה און ווילן זיך לייכטער מאַכן אויפן האַרץ. מיין ברודער, חיים, הערט זיך אויך צו צום שמועס. ער קאָן עס מער נישט פאַרטראָגן און גיט צו מיר אַ זאָג: „בטלנים, זיי איז גוט אין זייער נאַאיוון גלויבן". אויף קראַשעווסקי־גאַס הילכט פון אַ פענצטער פון אַ פאָלקס־דויטש אַן אַנטי־פּוילישע העץ־רעדע דורכן ראַדיאָ, אויף דער דייטשער שפּראַך. די פּאָליאַקן שעלטן אים און ווילן אים לינטשן, אָבער ער האָט פאַר זיי נישט קיין מורא. ווייזט אויס, אַז ער פילט שוין דעם נאָענטן ניצחון. מיין ברודער קוקט זיך צו צו דער סצענע און פּלוצלינג, אַזוי אומגעריכט, גיט דער בונדיסט מיך אַ פרעג: „פאַרוואָס פאָרסטו נישט קיין ארץ־ישראל? איך קען דיין געזונט־צושטאַנד, אָבער דוכט זיך, אַז ערגער ווי דאָ קאָן שוין נישט זיין. דאָ וועט זיין שווער אָפּצוהיטן דאָס לעבן". ער קוקט אויף מיר, פאַרשטייט מיין נישט־געפרעגטע שאלה און גיט צו: „ווען נישט מיינע פּיצלעך קינדער, וואָלט איך עס געטאָן. דאָס איז דער איינציקער וועג".

און פּלוצלינג דערהערט מען איבער די קעפּ אַ שטאַרקן רעש פון באָמ־באַרדיר־־עראָפּלאַנען. מיר זענען זיכער, אַז דאָס איז נאָר אַ לופט־פּראָבע און הייבן אויף די קעפּ נאָכצוקוקן די מאַנעווורען. אָבער דאָ דערהערט מען דעם אויפרייס פון באָמבעס. דאָס זענען געווען די ערשטע באָמבעס, וואָס זענען געפאַלן אויף די באַן־וואַרשטאַטן. (צוויי הייזער צעשמעטערט, איין טויטער און עטלעכע פאַרוואונדעטע). די עראָפּלאַנען קומען צוריק, לאָזן זיך אַראָפּ איבער אונדזערע קעפּ און עס פאַלן אַרום אונדז קוילן. מיר שטייען אויפן זעלבן אָרט זייענדיק נאָך זיכער, אַז דאָס זענען פּוילישע מאַנעווורעס, אָבער דאָ עפנט מען דעם ראַדיאָ און דער הילכער צעשטעט־ט אונדזער רו. דער פּרעזידענט מאָש־ציצקי דערקלערט, אַז די דייטשן זענען איבערגעפאַלן פּוילן און געוואָרפן באָמבעס אויף דער פרידלעכער באַפעלקערונג.

עס קומען אָן שרעקלעכע טעג. די באָמבאַרדירונג פאַרשטאַ־קט זיך פון טאָג צו טאָג און פון ראַדיאָ קומען איוב־בשורות. דער שונא גייט פאָרויס אין אַ שנעלן טעמפּאָ און דערנענטערט זיך צו אונדז. דער ראַדיאָ רופט צום קאַמף און זאָגט צו די שנעלע הילף פון פראַנקרייך און ענגלאַנד. אויף דער פּוילישער גאַס הערשט אַ פולשטענדיקע דעזאָרגאַניזאַציע. מאָביליזירטע סאָל־דאַטן ווערן געשיקט פון אָרט צו אָרט אָדער ווערן קאָשאַרירט אָן שום צוועק

און אַן תכלית. הויכע באַמטע אַנטלויפן פון וואַרשע. אין דעם כראַביעס פּאַרק ווערן אויסגעגראָבן שוץ־גרובנס קעגן די לופט־־אַטאַקעס. מען האָט אויפגע־מאַכט דורכגענג פון די דערבייאיקע יידישע הייזער און בשעת דער באָמבאַר־דירונג לויפן אַלע אַריין אין די גרובנס. דאָרט האָט מען געקאָנט זען יידן, ווי מיין טאַטע, משה־אהרון מלמד אָדער יצחק בייטלמאַכער, יעדער מיט אַ תהלימל אין האַנט און זאָגן תהילים און בעטן דעם רבונו־של־עולם. לעבן זיי גרופּירן זיך פרויען. די עלטערע וויינען און בעטן צו גאָט און די ייִנגערע באַרואיקן די צעשראָקענע קינדערלעך. די קינדער, מיט צעשראָקענע אויגן האָבן דאָך נישט געקענט באַקעמפן זייער נייגעריקייט און געקוקט ווי די עראָפּלאַנען פליען און מאַכן קונצן. ווען עס האָט זיך דערהערט אַן אויפרייס פלעגן זיי מיט שרעק אַראָפּלאָזן די קעפּלעך און באַהאַלטן די פּנימער אין דער מאַמעס קליידל. אָבער נישט אויף לאַנג! באַלד האָט די נייגעריקייט געזיגט און ווידער האָבן זיך די אויגן געטראָגן צו די הימלען.

דעם 4טן סעפּטעמבער, ד. ה. אויפן פערטן טאָג פון דער מלחמה האָט מען שוין געוווּסט, אַז דער שונא דערנענטערט זיך צו פּרושקאָוו. אַ קורצע באַראַ־טונג פון די עסקנים האָט באַשלאָסן, אַז יידן דאַרפן אַריבער קיין וואַרשע. דער חשבון איז געווען אַ פּשוטער: אין פּרושקאָוו געפינט זיך נאָר אַ קליין הייפל יידן אין אַ ים פון גויים, וואָס וועלן אַ וודאי אויסנוצן די ערשטע געלעגנהייט, כדי צו מאַכן פּאָגראָמען און רויבערייען. דאַקעגן אין וואַרשע, צווישן דריי הונדערט טויזנט יידן, וועט זיין פיל זיכערער. דער באַשלוס איז געגאַנגען פון מויל צו אויער, און יידן האָבן אָנגעהויבן פאַרלאָזן די שטאָט. פריער נאָך האָב איך זיך באַטייליקט אין אַ קורצער באַראַטונג פון דער „פּרייהייט“, ווו עס איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז דאָס געלט וואָס איז פאַרבליבן פונעם רווח פון דער „בר־כוכבא“־פאָרשטעלונג זאָל פאַרטיילט ווערן צווישן נויטבאַדערפטיקע חברים און אַז די חברים ירחמיאל בראַנד, מאיר זילבערבערג און האַמערשטיין, וועלכע זענען פאַרבליבן לענגער אין שטאָט, זאָלן באַגראָבן די דאָקומענטן און די ביכער פון דער ביבליאָטעק. דער באַשלוס איז דורכגעפירט געוואָרן דעם זעלבן טאָג און די ביכער זענען איינגעפּאַקט געוואָרן אין זעק און באַגראָבן אויף אַ הויף אויף דער קרוטקע־גאַס.

מיט צוויי טעג שפּעטער האָבן אַריינמאַרשירט די דייטשן. אַזוי לאַנג ווי די געסטאַפּאָ האָט נישט אָנגעהויבן איר אַרבעט האָט דאָס קליינע הייפל פאַרבליבענע יידן געלעבט פאַרהעלטנישמעסיק רואיק. דאַקעגן די יידן, וואָס זענען אַוועק קיין וואַרשע האָבן דאָרט מיטגעמאַכט פיל שרעקלעכע וואָכן פון באַלאַגערונג און באָמבאַרדירונגען. דאָ זענען אויך געפאַלן די ערשטע דריי פּרושקאָווער קרבנות: מאיר ליאַך, (מאיר זשביקאָווער) דער זון פון מאיר זיינרייך און די פרוי פון יוסף ווייס (יוסף שוסטער). זייענדיק אין וואַרשע האָב איך זיך נישט פיל באַגעגנט מיט אונדזערע יידן. די אומאויפהערלעכע

באָמבאַרדירונגען האָבן נישט דערלויבט אַרויסצושטעקן די נאָז אין גאַס. מען איז אַרויס אין גאַס נאָר צו שאַפן עסן און דאָס איז כמעט נישט געווען צו קריגן.

מענטשן זענען געשטאַנען שעהן אין די רייען בכדי צו באַקומען אַ שטיקל ברויט. מ'האָט געמוזט גיין נאָך וואַסער אַזש ביז צו דער ווייסל, ווייל די וואַסער־לייטונג איז צעשטערט געוואָרן, און דאָס אַלץ אונטער אַ האָגל פון באָמבעס און קוילן.

ווען מיר זענען צוריקגעקומען קיין פרושקאָוו, נאָך דער קאַפּיטולאַציע פון וואַרשע, האָט שוין דאָ געהערשט די געסטאַפּאָ און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ לעבן פון פּיין אוןליידן. די ערשטע צייט האָבן די דייטשן זיך נישט גענוי אָריענטירט אינעם מצב און נישט געוואוסט גענוי אונטערצושיידן צווישן ייד און נישט־ייד. אָבער דאָ זענען זיי צוהילף געקומען פרייוויליק פיל פון אונדזערע פּוילישע שכנים און לויט זייערע גענויע אָנווייזונגען און מיט זייער הילף האָט זיך אָנגעהויבן דאָס געיעג צו כאַפּן יידן אויף אַרבעט. דעם דאָזיקן גורל האָבן געטיילט יונגע און אַלטע, שוואַכע און קראַנקע, און די וואָס האָבן נישט געקענט די אַרבעט גוט אויספירן האָבן באַקומען געשלאָגן מכות רצח. אידעק קעניגשטיין, אין נאָמען פון די יידן, האָט זיך באַמיט צו קומען מיט די דייטשן צו אַ פאַרשטענדיקונג, לויט וועלכער די קהילה וועט יעדן טאָג צושטעלן אַ געוויסע צאָל אַרבעטער. די דייטשן האָבן לכתחילה מסכים געווען, אָבער נאָכן דערהאַלטן דעם קאָנטינגענט אַרבעטער, ווידער פאָרגעזעצט צו כאַפּן יעדן דורכגייענדיקן ייד צו דער אַרבעט.

פיל יידן האָבן זיך אָנגעהויבן אויסבאַהאַלטן. מען האָט פאַרלאָזט די היים פאַרטאָג און אַרויס אין די פעלדער, ווו מען איז געווען ביז פאַרנאַכט און געבענגט מיט זיך עטלעכע קאַרטאָפל אָדער אַ הייפּטל קרויט, עס זאָל זיין מיט וואָס די נשמה צו דערכאַפּן. דער גרעסטער טייל יידן האָט נישט געהאַט וואָס צו עסן און עס זענען געווען אַפילו אַזעלכע, ווי משה פאָסטאָלסקי, בערל גערצמאַן און אַנדערע, וואָס זענען פרייוויליק געגאַנגען צו דער אַרבעט, בכדי צו באַקומען פון די רייכערע יידן די דריי זלאָטעס. די שווערסטע אַרבעט איז געווען אין די באַן־וואַרשאַטן,ביים לאָדענען 100־קילאָדיקע אַמוניציע־קאַסטנס. די אַלע, וואָס זענען איין מאָל אַהין געכאַפּט געוואָרן, האָבן געמוזט דאָרט איבערלאָזן זייערע דאָקומענטן און זיך פאַרפליכטעט צו קומען יעדן טאָג צו דער אַרבעט. דאָרט האָט מען געאַרבעט פון גאַנץ פרי ביז שפּעט אין דער נאַכט, אָן איבעררייס און אָן עסן. שוואַכע יידן, וואָס זענען דאָרט אַהין אַריינגעפאַלן זענען אויסגעשטאַנען פיל צרות און פּיין. מאָניעק גאָלד, דער שוואַכער און דאַרער סטודענט, האָט אויך געמוזט טראָגן די שווערע קאַסטנס אונטער שווערע קלעפּ, ביז ער איז געפאַלן אונטער דער שווערער משא. דאָס האָט געדויערט עטלעכע וואָכן ביז די דאָזיקע גרופּע איז אין גאַנצן אָפּגעשלאָסן געוואָרן. דאָס איז געווען דער ערשטער קאָנצענטרירטער אַרבעטס־לאַגער פאַר די פרושקאָווער יידן אויפן שטח פון די וואַרשטאַטן.

די שטימונג איז געוואָרן שווערער פון טאָג צו טאָג און דאָך האָבן זיך יידן עקשנותדיק געקלאַמערט אין דער האָפענונג, אַז די מלחמה וועט לאַנג נישט דויערן, העכסטנס דריי חדשים. יידן האָבן געמאַכט אַ חשבון, אַז פראַנקרייך און ענגלאַנד, ביי דער מיטהילף פון אַמעריקע, וועלן אַ סוף מאַכן צו דער מלכות הרשע. מ׳האָט פאַרשטאַנען, אַז עס וועלן פאַלן פיל קרבנות, אָבער דער זיג פונעם מערב וועט קומען אין גיכן. אין די ערשטע טעג פון נאָוועמבער האָט זיך פאַרשפרייט אַ קלאַנג, אַז ענגלאַנד האָט אָפּגעגעבן ארץ־ישראל צו די יידן און עס זענען געווען אַפילו אַזעלכע, וואָס האָבן שוין געוווסט דעם צוזאַמענשטעל פון דער יידישער רעגירונג. איך געדענק, ווי יענעם טאָג בין איך אַריין צו מיין פאָטער, וואָס איז שוין געלעגן כמעט אין גסיסה, אַ פאַרשמאַכטער מיט פאַרמאַכטע אויגן. כדי אים צו דערמוטיקן האָב איך איבּ דערציילט די גוטע נייעס. צו מיין גרויס וווּנדער און שמחה, האָט ער געעפנט די אויגן, מיט די לעצטע כוחות זיך אויפגעזעצט, אָנגעשפּאַרט זיך אויף מיר און מיט טיפן גלויבן אַ שווערן זיפץ געטאָן און געזאָגט: „געלויבט השם יתברך״ — און מיט אַ שוואַכער שטימע צוגעגעבן: „הרבה שליחים למקום״ — און פאַר וואָס קאָן עס נישט זיין, אַז דווקא ד״ר ווייצמאַן זאָל עס זיין דער שליח? דאָס גאַנצע לעבן האָב איך געטרוימט זוכה צו זיין נאָכן חתונה מאַכן די קינדער, אָוועקצולייגן דאָס שחיטות, פאָרן קיין ארץ־ישראל און טאָן ווי אונדזערע אָבות האָבן געטאָן, ווערן אַ פאַסטעך און זאָגן תהילים — מילא, זאָלן כאָטש די קינדער מיינע האָב די זכיה צו זען דעם ביאת המשיח. מיט צען שעה שפּעטער איז ער נפטר געוואָרן, און פון זיינע פינף קינדער, שנורן, אייניקלעך איז געבליבן נאָר איינער — דער שרייבער פון די שורות און זיין קליינע משפּחה.

### די ערשטע קאָנטריבוציע

אין איינעם פון יענע שווערע טעג, ווען יידיש פאַרמעגן און לעבן איז געוואָרן הפקר, האָט יאַן טשאַרנעצקי פּלוצלינג גערופן אַלע יידישע עסקנים צו אַ דרינגענדער באַראַטונג. די באַראַטונג איז פאָרגעקומען אין דער שטוב פון זלמן יערעמיאַש. יידן האָבן דאַן אויסגעמיטן צו גיין אויף דער גאַס צוליבן כאַפּן צו דער אַרבעט. האָבן זיך טאַקי די גערופענע עסקנים געשלייכט איבער די גאַסן ביי די ווענט פון די הייזער אַזוי ווי פאַרברעכער.

אין דער דירה פון זלמן יערעמיאַש האָט זיך געפונען אַ פאַרמאַסקירטער צימער. די טיר פון דאָזיקן צימער איז געווען פאַרשטעלט מיט אַ גרויסער קליידער־שאַנק, פון וועלכער עס איז אַרויסגענומען געוואָרן די וואַנט, אַזוי, אַז די שאַנק האָט געדינט ווי אַ טיר צום אַריינגיין אין דעם צימער. דאָרט האָט זיך אויסבאַהאַלטן דער בעל־הבית פון דער דירה במשך פון גאַנצע טעג. אין דעם צימער איז אויך פאָרגעקומען די דרינגענדיקע זיצונג.

טשאַרנעצקי האָט געעפנט די זיצונג און איבערגעגעבן אַ קורצן איבער־

בליק איבערן מצב אין שטאָט. ער האָט דערציילט, אַז די דייטשע מאַכט האָט נאָמינירט אַ נייעם שטאָט־פּרעזידענט, אַ פאָלקס־דויטש, וואָס האָט גערופן טשאַרנעצקין צו זיך און געפאָדערט, אַז די יידן מוזן במשך די נאָענטסטע 24 שעה אַריינטראָגן אַ סומע פון 5.000 זלאָטעס. דאָס איז געווען דער ערשטער קאָנטאַקט מיטן נייעם שטאָט־פּרעזידענט. צו דער זעלבער צייט איז אויך געקומען אַן אויפפאָדערונג פון דער מיליטער־מאַכט, אַז במשך פון אַ טאָג דאַרפן די יידן צושטעלן אין איינעם פון זייערע הויפּט־קאָמאַנדעס אַ שאַנק, אַ טיש און שטולן.

די סומע אַליין איז נישט געווען אַ גאָר גרויסע און מען האָט עס געקאָנט נאָך דאַן אַן שוועריקייטן צונויפשאַפן פון צווישן די עטלעכע רייכע יידן. אָבער טשאַרנעצקי, מיט זיין אַנטוויקלטן געזעלשאַפטלעכן אינסטינקט, האָט פאַרשטאַנען, אַז דאָ האַנדלט זיך נישט אין דער גרויס פון דער סומע, אַז דאָס איז נאָר אַן אָנהייב און דעריבער דאַרף מען באַהאַנדלען דעם ענין אַלס פּרינציפּ.

אַלע האָבן מסכים געווען, אַז די סומע איז נאָר די ערשטע און עס וועלן קומען ווייטערע. און וואָס אַ מאָל העכערע פאָדערונגען, וועלכע די יידן וועלן נישט קאָנען נאָכקומען. דער פּראָבלעם איז דערפאַר געווען ווי צו רעאַגירן: נישט אָנערקענען די פאָדערונג און נישט ענטפערן אויף איר, אָדער — נישט שפּילן זיך איצט אין פּרינציפּן נאָר אויסקויפן זיך פון די צרות אַזוי לאַנג, ווי מען קאָן עס טאָן מיט געלט, ווייסנדיק גוט וואָס עס וועלן זיין די ווייטערדיקע קאָנסעקווענצן. עס איז פאָרגעקומען אַ ליידנשאַפטלעכע דיסקוסיע און די מערהייט האָט געהאַלטן, אַז מען דאַרף אַריינטראָגן די געפאָדערטע סומע און אַזוי אַרום אָפּשלעפּן די סכנה ביז די אַלגעמיינע לאַגע וועט זיך סטאַביליזירן. דאָ האָט אָבער טשאַרנעצקי, מיט גרויס עקשנות געפאָדערט, אַז דער באַשלוס זאָל זיין אַן איינשטימיקער, און נישט נאָר פון אַ מערהייט, ווייל די מערהייט איז נישט ווייניקער קעגן דעם טרויעריקן באַשלוס ווי די מינדערהייט, און ער וויל נישט לאָזן אַפילו איינעם אין אַ פּריווילעגירטן מצב. נאָך לאַנגע ראַנגלעניש איז דער באַשלוס אָנגענומען געוואָרן איינשטימיק און נאָך דעם זעלבן טאָג האָט טשאַרנעצקי אַריינגעטראָגן די געפאָדערטע קאָנטריבוציע.

אַרויסגייענדיק פון דער זיצונג האָט יעדער איינער פון די אָנטיילנעמער געפילט, אַז דאָס איז דער אָנהויב פון אַ ביטערן און אומבאַוווסטן סוף. אָבער אַפילו דאַן האָט זיך קיינער נישט פאָרגעשטעלט, אַז עס קאָן קומען אַ טאָטאַלע אויסראָטונג. די שטימונג איז געווען אַ דערשלאָגענע און מען האָט זיך געשעמט צו קוקן איינער דעם אַנדערן אין די אויגן.

דער פּראָבלעם פון צושטעלן דאָס מעבל איז צופעליק געלעזט געוואָרן זייער לייכט. מיין פאָטער ז״ל, האָט נאָך זוכה געווען צו שטאַרבן אַ נאַטירלעכן טויט אַ וואָך פריער און געלאָזט נאָך זיך אַ שטוב מיט מעבל. דאָס האָט מען באַשלאָסן צו געבן דעם דייטשן מיליטער. און אַזוי אַרום איז מיין טאַטנס שאַנק, וואָס האָט אים געדינט איבער דרייסיק יאָר פאַר זיינע קליידער, פאַרוואַנדלט

געוואָרן אין אַן אַרכיוו פון דער דייטשער הויפּט־קאָמאַנדע אין פּרושקאָוו. מיט אַ צעווייטיקט האַרץ און מיט טרערן אין די אויגן האָב איך געמוזט, מיט מיינע אייגענע הענט, אַריינשטעלן מיין טאַטנס שאַנק אין דער טמאדיקער נעסט זייערער, ווייל אַזוי און נישט אַנדערש האָבן געפאָדערט די דייטשע באַנדיטן. זיי האָבן געוואָלט, אַז דער אייגנטימער פון די מעבל זאָל עס אַליין אַריינשטעלן, בכדי צו זיין זיכער, אַז עס וועט געטאָן ווערן ווי עס באַדאַרף צו זיין.

דערווייל ווערט די לאַגע אין שטאָט שווערער און געשפּאַנטער. דאָס כאַפּן צו דער אַרבעט איז נאָך דערווייל די ערגסטע צרה. מען קאָן זיך נישט פריי באַוועגן אין שטאָט. בעלי־מלאכות קאָנען נישט אַרבעטן און האָבן נישט וואָס צו טאָן; די קראָמען זענען געשלאָסן און אין די שטובן פון די קליינהענדלער און האַנטווערקער, וואָס זענען דער רוב מנין און בנין פון דער שטאָט, הייבט זיך אָן אַלץ שטאַרקער צו פילן דער הונגער. דאָן זענען פרויען געוואָרן טעטיק. זיי האָבן זיך נאָך געקאָנט פריי באַוועגן אין שטאָט און האָבן אויסגענוצט די „פּריווילעגיע" בכדי צו ווערן די הויפּט־פּרנסה־געבער. מען האָט זיך אָנגעהויבן פאַרנעמען מיט שמוגל, איבערהויפּט שמוגלען צוקער קיין וואַרשע. מען האָט זיך איינגעשטעלט מיטן לעבן. אָבער אויך די פּרנסה האָט זיך שנעל געענדיקט, ווען די רעזערוון האָבן זיך אויסגעלאָזט און די נויט האָט זיך ווידער אָנגעהויבן צו פילן אין די יידישע הייזער.

פון מאָל צו מאָל, בעיקר בשעת בין־השמשות, פלעגט זיך הערן אַ יאָמערלעך געשריי פון אַ צעשלאָגענעם יידן; דאָס האָבן זיך די פּוילישע כוליגאַנעס געלאָזט ווילגיין, איבערהויפּט ווען זיי האָבן געכאַפּט אַ ייד מיט אַ באָרד. פאַרשטייט זיך, אַז אויך די דייטשן האָבן נישט געקאָנט דורכלאָזן אַזאַ ספּעציעלע „געלעגנהייט". איך געדענק אַ געוויסן פרימאָרגן, ווען עס האָט זיך פלוצלינג דערהערט אַ שרעקלעכער געשריי פון דער דירה, ווו עס האָט געווינט יצחק פריידזאָן. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ווען דער רוב יידן איז צוריקגעקומען פון וואַרשע, איז אויך געקומען דער רב מרגלית. מורא האָבנדיק, אַז די דייטשן וועלן אים זוכן אין זיין שטוב אַלס ערובניק, איז ער אַריבער צו יצחק פריידזאָנס שטוב. ביז היינט ווייס איך נישט גענוי צי דאָס איז געווען אַ צופאַל אָדער אַ מסירה. די דייטשן האָבן אים דאָרט געפונען און שטאַרק צעשלאָגן. (אַ „דאַנק" דעם צופאַל איז ער געבליבן לעבן, ווייל באַלד צומאָרגנס איז ער אַוועק פון פּרושקאָוו קיין ווילנע און פון דאָרט קיין אַמעריקע ווו ער לעבט איצט. זיין פרוי און איינציקער זון האָבן אָבער געטיילט דעם ביטערן גורל פון אַלע פּרושקאָווער יידן).

פיל יידן זענען דאַן אַוועק אויף דער רוסישער זייט. פון פּרושקאָוו איז די צאָל געווען אַ קליינע. טייל איז אַ שאָד געווען איבערצולאָזן אויף הפקר דאָס ביסל אָרעמקייט, אַנדערע האָבן געהאַט קליינע קינדער און אַלטע עלטערן. אָבער אויך די יוגנט האָט זיך נישט געריסן אויף מזרח. אפשר האָט דאָ געווירקט די נעגאַטיווע באַציאונג צו רוסלאַנד, אַלס אַ לעבעדיקער קבר (ווי קאַזשעבראַצקי

פלעגט עס זען)? אָבער איך קלער, אַז דאָ האָט הויפּטזעכלעך געווירקט דער טיפּיש־יידישער אָפּטימיזם און די לייכטקייט פון משלים זיין מיטן גורל. מע האָט געגלייבט און געהאָט בטחון, אַז די מלחמה וועט זיך בקרוב ענדיקן, מע וועט איבער־לעבן דעם שונא און זוכה זיין צו בעסערע צייטן. קיינער האָט נישט גע־חלומט פון אַ טאָטאַלער אויסראָטונג, אַפילו נישט די, וואָס זענען געלאָפן קיין רוסלאַנד.

## אין דער פרעמד

איך פערזענלעך האָב באַשלאָסן צו פאַרלאָזן די שטאָט און אַוועק קיין רוס־לאַנד. דער איינציקער אָפּהאַלט איז נאָר געווען דער געזונט־צושטאַנד פון מיין פאָטער. דאָס האָט, ליידער, לאַנג נישט געדויערט און ער איז נפטר געוואָרן. דאַן בין איך מיט דער פרוי, צוזאַמען מיט לוי ווייסבערג און פרענקעל און נאָך אייניקע פריינד פון וואַרשע אַוועק צו דער גרענעץ נעבן בריסק, בכדי אַריבער־צוגיין אויף דער רוסישער זייט. מיר זענען אַריינגעפאַלן אין די הענט פון די דייטשן און פאַליאַקן, וואָס האָבן אונדז געשלאָגן מכות־רצח און אונדז באַרויבט און מיר זענען געצוווּנגען צוריקצוקער'ן זיך קיין פּרושקאָוו.

דער מצב אין שטאָט האָט זיך פאַרערגערט פון טאָג צו טאָג. אין זשיראַרדאָוו האָבן די דייטשן געכאַפּט די עסקנים און פאַרשיקט זיי אַלס ערובניקעס אין אַן אומבאַקאַנטער ריכטונג. אויך ביי אונדז האָבן זיך פאַרשפּרייט עקשנ־תתדיקע קלאַנגען וועגן אַזאַ אַקציע. קרובים און באַקאַנטע האָבן אָנגעהויבן צו ווערן אומרואיק וועגן מיר. עס איז מיר אָבער, נאָך דעם ערשטן דורכפאַל, שווער געווען זיך צו אַנטשליסן אויף נאָך אַ פּרוּוו, און גראָד איז מיין שוועסטער איטע זייער קראַנק געוואָרן. איך געדענק ווי אין אַ געוויסן אָוונט בין איך אַריין אין שטוב פון זלמן יערעמיאַש. דאָרט איז געזעסן ר' יעקב סטאָלאָוויטש, מיין אַמאָ־ליקער רבי און לערער. אויך דאָס מאָל האָט ער גערעדט צו מיר ווי צו אַ תלמיד. ער האָט מיך אויסגעפרעגט פּרטים וועגן דעם דורכפאַל ביי דער גרענעץ און אָנגעהויבן מיר דערציילן דעם משל מיט דער מוראַשקע, וואָס רעזיגנירט קיין מאָל נישט און פּרובירט ווידער ביז זי דערגרייכט איר ציל. איך האָב מסכים געווען מיט אים, אָבער ס'איז מיר דאָך שווער געווען צו שיידן זיך פון דער משפּחה און ספּעציעל פון דער קראַנקער שוועסטער, אָבער, מיט אַ מוטערלעכער זאָרג האָט זי מיך געבעטן צו ראַטעווען זיך און אַנטלויפן. איך וועל קיין מאָל נישט פאַרגעסן איר פיבערדיקן קוש פון אירע ברענענדיקע ליפּן, ווען זי האָט זיך מיט מיר געזעגנט. ווי מיר וואָלטן ביידע פאַרויסגעפילט, אַז דאָס איז אונדזער לעצטע צעשיידונג!

דעם 17טן נאָוועמבער 1939 בין איך מיט מיין פרוי, נאָך שווערע וואַנדערונ־גען און איבערלעבענישן, אָנגעקומען קיין ביאַליסטאָק, אויף דער סאָוויעטישער זייט. מיר זענען אַראָפּ פון דער באַן און אַריבער די בריק פון דער באַן־סטאַציע

נישט האָבנדיק קיין באַגריף ווו מיר וועלן איבערנעכטיקן. פלוצלינג דערהערן מיר, אַז מע רופט אונדז ביים נאָמען. אונטער דער בריק זענען געשטאַנען הונדערטער פּליטים, וואָס זענען געקומען צו דער סטאַנציע צו זען, אפשר וועלן זיי טרעפן באַקאַנטע אָדער קרובים. און פון אָט דער מאַסע רופט מען אונדז: „מנשה! פרידאַ!" מיר האָבן נישט געקענט גלייבן די אייגענע אויערן, אָבער ווען מיר האָבן געקוקט אין דער ריכטונג פון די רופן, האָבן מיר דערזען נישט קיין אַנדערן ווי משה בעקער פון פּרושקאָוו. די ערשטע באַגעגעניש מיט אַ פּרושקאָווער אין אונדזער וואַנדער־וועג.

מיר האָבן זיך האַרציק באַגריסט און אים דערציילט אונדזער לאַגע און אַז מיר האָבן נישט קיין אָרט צו נעכטיקן. ער האָט אונדז באַלד געטרייסט נישט צו זאָרגן און אונדז אַוועקגעפירט אונטער דער שטאָט, ווו עס האָבן שוין געלעבט יאָסל בראַנד און מלך קאַמערפוקס. זיי האָבן אונדז באַגעגנט מיט גרויס שמחה, אויסגעפרעגט וועגן אונדזער שטאָט, וועגן יעדן פּרט אין איר, וועגן דער אַלגע־מיינער לאַגע פון די יידן אונטער דער נאַצי־אָקופּאַציע. מיר זענען אַזוי געזעסן ביז האַלבער נאַכט, און דאַן האָט יאָסל בראַנד געזאָגט, מיר זאָלן זיך לייגן שלאָפן, און אַז ער גיט אָפּ היינט זיין געלעגער, כדי מיר זאָלן זיך גוט אויסרוען.

יאָסל און מלך זענען נאָך אין פּרושקאָוו געווען זייער נאָענטע חברים. מיטן אויסברוך פון דער מלחמה זענען זיי מאָביליזירט געוואָרן אין דער פּוילישער אַרמיי, איבערלאָזנדיק אין פּרושקאָוו זייערע פרויען און קינדער און אַ פּאַר־צווייגטע משפּחה.ביידע האָבן געקעמפט אין דער געגנט פון ביאַליסטאָק, אַריינ־געפאַלן אין געפאַנגענשאַפט און באַפרייט געוואָרן מיטן אָנקום פון די רוסן. אַלס געוועזענע סאָלדאַטן האָבן זיי אָפּגעדונגען אַ צימער ביי אַ פּוילישער אַלמנה און זיך איינגעאָרדנט ביי אַרבעט אין דעם ביאַליסטאָקער שעכטהויז. זיי האָבן גוט פאַרדינט אָבער מיט אומגעדולד געוואַרט צו קומען צו זייערע פרויען און קינדער. דערווייל איז זייער שטוב פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ מין היים פאַר די פּרושקאָווער און זייער אַרבעט איז אויך געוואָרן אַ מקור פּרנסה פאַר אַלע זייערע „לאָקאַטאָרן".

אין דעם קליינעם שטיבל זענען שוין געווען בערך 20—30 מענטשן. יעדע נאַכט זענען אויף דער האַרטער פּאָדלאָגע געשלאָפן 10—15 פּערזאָן אין צוויי שיכטן, ווייל פאַר אַלעמען צו שלאָפן אין איין צייט איז נישט געווען קיין אָרט. ווען איין טייל איז געשלאָפן, האָבן די אַנדערע געשפּילט אין קאָרטן. נאָר אין איין ווינקל איז געווען אַ בינטל שטרוי פאַרצוימט פון צוויי ברעטלעך — און דאָ זענען געשלאָפן די צוויי „בעלי־בתים". זעלטן איז זיי אָבער אויסגעקומען צו שלאָפן אויף דעם געלעגער, ווייל אַ פּרינציפּ האָבן זיי געהאַט, אַז יעדער ניי־געקומענער האָט באַקומען זייער אָרט אויפן ערשטן נאַכטלעגער, און אַזעלכע זענען געווען כמעט יעדן טאָג. זיי האָבן זיך געטיילט מיט יעדן ביסן ברויט. פון שעכטהויז פלעגן זיי ברענגען פלייש און מיין פרוי האָט געקאָכט. עס זענען תמיד געווען אַרום 15 מענטשן צום טיש. דאָס איז פון זייער זייט געווען אַן אמתער

אויסדרוק פון פריינטשאַפט און חברישקייט, וואָס מען טרעפט זייער זעלטן. צווישן די שטענדיקע איינוואוינער פון דער „קאָמונע" זענען געווען: די משפחה פון משה קאַמערפוקס, דוד בראַנד, זילבערשטיין און פיל אַנדערע.

אין פּרושקאָוו האָבן יידן געלעבט צווישן איין גזירה און דער צווייטער און זיך אָנגעהויבן צוגעוויינען צו די צרות. עס האָט זיך זיי אַפילו געדוכט, אַז עס איז אַ ביסל בעסער געוואָרן. אַזוי איז אויך געווען אין אַנדערע שטעטלעך. דערווייל איז אָנגעקומען די פּרשה פון דעם דייטש־רוסישן אָפּמאַך וועגן בירגער־אויסטויש. עס האָט זיך אָנגעהויבן די רעגיסטראַציע פון די פּליטים אויף צו בלייבן אין רוסלאַנד אָדער צוריקפאָרן אינעם אָקופּירטן פּוילן. דער עולם איז אַרומגעגאַנגען צעטומלט. פיל יידן, וואָס האָבן איבערגעלאָזט זייערע משפּחות ביי די דייטשן, האָבן זיך געריסן אַהיים. עס זענען פּונקט דאַן אָנגעקומען פון פּרושקאָוו איינציקע פּרוּוען צו זייערע מענער אין ביאַליסטאָק און דערציילט, אַז די לאַגע האָט זיך פאַרבעסערט און מע דאַרף פאָרן אַהיים. דער גרעסטער טייל פּליטים האָט טאַקע אַזוי געטאָן. עס זענען דאַן צוריקגעפאָרן אויך יאָסל בראַנד און מלך קאַמערפוקס. אויך מיין ברודער דודס פרוי איז דאַן געקומען צו אונדז און דוד האָט געזאָלט נאָכקומען, אָבער אין דער אַטמאָספער, וואָס זי האָט באַגעגנט דאָ האָבן זיי באַשלאָסן צו בלייבן אין פּרושקאָוו. אַזוי אַרום איז דער גרעסטער טייל צוריק אַהיים און אומגעקומען צוזאַמען מיטן פּוילישן יידנטום און נאָר ווייניקע זענען פאַרבליבן אויף דער סאָוויעטישער זייט (די לעצטע ידיעות פון דער היים האָב איך דערהאַלטן פון מיין ברודער, שוין זייענדיק אין סיביר, אין מערץ 1941. ער האָט מיר געשריבן, אַז הער „רעבון" דערקוטשעט זיי שטאַרק מיט זיינע אָפּטע באַזוכן און ער באַדויערט וואָס ער האָט נישט באַגלייט זיין פרוי צו אונדזער באַגעגעניש. מער האָב איך שוין פון מיינע נאָענטע נישט געהערט).

אין 1942 בין איך באַפרייט געוואָרן פון סיבירער אַרבעטס־לאַגער. נע־ונד האָבן מיר זיך געשלעפּט וואָכן לאַנג אָן עסן, זוכנדיק אַ מקום מנוחה ווו איבערצולעבן די געבליבענע מלחמה־יאָרן. לאַנגע עשאַלאָנען־צוגן מיט טויזנטער מענטשן אויף די לאַסט־וואַגאָנען האָבן זיך געשלעפּט אַהין און צוריק און מיר בתוכם, אויף יעדער סטאַנציע פלעג איך שנעל אַראָפּשפּרינגען און געזוכט פריינד אָדער באַקאַנטע. אויף איין סטאַנציע האָב איך באַגעגנט אַ פּרושקאָווער, מאָניעק אַמסטערדאַם. אין טאַשקענט האָב איך אויך געטראָפן נח שאַרפמעסער. ער איז שוין דאָרט געווען אַ תושב צוזאַמען מיט ראובן פאָסטאָלסקי. ער האָט מיר געהאָלפן געפינען דעם מאַרק, כדי צו קויפן אַ שטיקל ברויט. ראובנען האָב איך ליידער נישט געטראָפן. נ. שאַרפמעסער איז אַוועק אין רוסישן מיליטער, געקעמפט און געפאַלן אויפן שלאַכטפעלד.

פון דאַן אָן האָב איך בכלל פאַרלוירן דעם קאָנטאַקט מיט פּרושקאָוו. ערשט נאָך דער מלחמה האָט מען מיר דערציילט, וואָס עס איז דאָרט פאַרלאָפן, און אַנדערע

חברים וואָס זענען דאָרט געווען שרייבן וועגן דעם פּרק מיט מער פּרטים. איך וויל נאָר דאָ צוגעבן אַ קורצן סך־הכל. נאָך מיין אַוועקפאָרן איז די לאַגע אין פּרושקאָוו אויף אַ קורצער צייט געווען אַ ביסל בעסער. יידן האָבן טאַקע געמוזט טראָגן דעם מגן־דוד און זענען באַגרענעצט געווען אין זייערע באַוועגונגען, אָבער פּרנסה האָט מען געהאַט, ווער ביי אַרבעט, ווער ביי שמוגלען. עס אַזי געווען אַן אילוזיע, אַז מען וועט שוין ווי עס איז דורכקומען.

אָבער די אילוזיע האָט לאַנג נישט אָנגעהאַלטן. אויפן שטח פון די באַן־וואַרשטאַטן האָבן די דייטשן איינגעאָרדנט אַן אַרבעטס־לאַגער, ווו עס איז אינ־טערנירט געוואָרן דער גרעסטער טייל אַרבעטפעיקע מענער. דאָרט האָבן זיי גע־אַרבעט און געלעבט אין אוממענטשלעכע באַדינגונגען און אין שטענדיקער שרעק. וועגן דעם האָט מיר נאָך געשריבן מיין שוועגערין און צוגעגעבן, אַז מיין ברודער חיים געפינט זיך דאָרט אין אַ גוטער געזעלשאַפט צוזאַמען מיט עראַזם ראַזענאָוויטש. זי האָט דערמיט אונטערגעשטראָכן, אַז אפילו אַזאַ איינפלוסרייכער ייד ווי ראַזענאָוויטש האָט זיך פון דעם נישט געקאָנט אויסקויפן.

אין האַרבסט פון זעלבן יאָר איז אַרויס די גזירה פון געטאָ. די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג איז קאָנצענטרירט געוואָרן אין אַ קליינער געגענט, ווו עס האָבן פריער געוווינט נאָר איינצלנע יידן. דאָס איז די קעזמאַן־גערצמאַן־געגנט. די יידן האָט מען דאָרט אַריינגעפּאַקט צו עטלעכע משפחות אין אַ צימער, און די פּאַליאַקן זענען פון דאָרט אַריבער אין די בריווחדיקע יידישע דירות. די דייטשן האָבן אויך באַשטימש אַן עלטעסטן פונעם יודענראַט. זיי האָבן נישט געפונען עפּעס אַ ייד, וואָס זאָל זיין פאַר זיי פּאַסיק און באַשטימט אויף דעם פּאָסטן אַ פּליט פון לאָדזש, אַ געוויסן שליפּקעוויטש, וואָס האָט געהאַרכזאַם אויסגעפירט זייערע גזירות.

אויך אין די נייע באַדינגונגען האָבן די יידן פּרובירט אָנהאַלטן אַ געוויסן געזעלשאַפטלעכן לעבן און נישט אַריינפאַלן אין יאוש. עס איז אַפילו געפירט געוואָרן אַ טיילווייזע קולטור־אַרבעט און מען האָט געזאָרגט פאַר דער דערציאונג פון די קינדער. די הילצערנע שול־געביידע איז צענומען געוואָרן און אַריבער־געפירט אינעם געטאָ. דאָ האָט מען אָרגאַניזירט אַ מין שולע אונטער דער לייַ־טונג פון קאָזשעבראַצקי. אָבער אויך דאָס האָט לאַנג נישט געדויערט און אין פעברואַר 1941 איז דאָס געטאָ ליקווידירט געוואָרן און די יידן פאַרטריבן אינעם גרויזאַמען וואַרשעווער געטאָ. דאָרט האָבן זיי געטיילט דעם גורל פון אַלע וואַר־שעווער יידן — אין נויט, הונגער, פּיין, „אַקציעס" און אויך גבורה.

עס וועלן זיכער אין דעם דאָזיקן בוך קומען צום אויסדרוק די העלדישע טאַטן פון אונדזער יוגנט אין וואַרשע און אין אַנדערע ערטער. זאָל עס אָבער דאָ גע־זאָגט ווערן, אַז עס איז מסתמא נישט קיין צופאַל, וואָס די קליינע יידישע קהילה אין פּרושקאָוו האָט געגעבן אַ גרויסן צושטייער פון געטאָ־קעמפער. דאָס איז אַ פּראָדוקט פון יאָרן פון דערציאונג אין די יוגנט־באַוועגונגען, ספּעציעל פון דער „פרייהייט". פּאַקטיש איז דאָס נישט געווען זייער ערשטער קאַמף. די זכריהס, די

שליאַמעקס, די צוקערס האָבן פון שטענדיק אָן מיט כבוד זיך אַנטקעגנגעשטעלט פאַרשידענע כוליגאַנעס ביי אונדז אין שטאָט און אויף אויספלוגן מחוץ דער שטאָט. מיט שטעקנס, שטיינער און פּאַסקעס האָבן זיי זיך אַנטקעגנגעשטעלט די פּראָפעסיאָנעלע מעסערשטעכערס פון די צעגעלניעס.

על פּי רוב האָבן די פּרושקאָווער אין וואַרשעווער געטאָ פאַרלוירן דעם קאָנטאַקט צווישן זיך. נאָר אויף דזשעלנע-גאַס, אין דעם קיבוץ, האָבן זיך געטראָפן צוזאַמען אַ צאָל פון אונדזערע יוגנטלעכע. דאָרט האָט נאָך געווירקט אויף זיי קאָזשעבראָצקי, וואָס האָט געוווינט אין זעלבן הויז. אין די בונקערס, אין אָשוויענ־טשים, אין טרעבלינקע, האָבן די פּרושקאָווער יידן געטיילט דעם גורל פונעם גרעסטן יידישן געטאָ אין פּוילן.

### איובס בשורות

פון 1941 ביז 1945 בין איך געווען אין גאַנצן אָפּגעריסן פון דער אַלטער היים. פאַרטריבן אין די קאַזאַכסטאַנישע מדבריות, אין אייגענע צרות, האָב איך דאָך אויף קיין מינוט נישט פאַרגעסן אין אונדזער שטאָט און געהאָפט צוריק זיך טרעפן מיט מיינע טייערסטע. אָבער מיטן פאַרויסמאַרש פון דער סאָוויעטישער אַר־מיי האָבן אָנגעהויבן אָנקומען די ערשטע טרויעריקע ידיעות וועגן דער ליקווידאַציע פון פּוילישן יידנטום. מיר האָבן געהערט וועגן דעם אין ראַדיאָ, אָבער דער עיקר פון די בריוו פון יידישע פּראָנט־סאָלדאַטן. איך האָב דאָך געגלייבט, אַז פון וואַר־שעווער יידנטום זענען פיל געבליבן און באַלד נאָכן באַפרייען פון וואַרשע האָב איך געשריבן בריוו צום פּרושקאָווער מאַגיסטראַט, צום גלח און צו אַ באַקאַנטן קריסט, בראָולאַ. אָבער איך האָב פון זיי קיין ענטפער נישט באַקומען. צו מיין גרויס וווּנדער און פרייד האָב איך דערהאַלטן אַ בריוו פון אידעק קעניגשטיין, וואָס האָט באַקומען מיין אַדרעס פון דער פרוי בראָולאַ. דאָס איז געווען דער ערשטער לעבנס־צייכן פון יידישן לעבן אין פּרושקאָוו, אָבער ליידער איז עס אויך געווען אַן איוב־בשורה, אַז קיין יידיש לעבן איז מער נישטאָ. ער האָט מיר געשריבן, אַז אין גאַנץ פּוילן האָבן זיך אָפּגעראַטעוועט נישט מער ווי אַ פּאָר צענדליק טויזנט יידן, וואָס קומען ביסלעכווייז צוריק פון די וועלדער, לאַגערן און באַהעלטענישן. פון מיין משפּחה איז נאָך קיינער נישטאָ, נאָר ער טרייסט מיך, אַז עס קומען אָן יעדן טאָג יידן און איך דאַרף נישט פאַרלירן די האָפענונג.

1945. דער קריג איז געענדיקט. עס הייבט זיך אָן די רעפּאַטריאַציע פון פּוילישע בירגער, און פּסח 1946 קום איך קיין פּרושקאָוו. דאָס איז געווען אין דער צייט פון דעם קעלצער פּאָגראָם, ווען יעדע נסיעה איז געווען באַגלייט מיט סכנת־נפשות, ווען די א.ק.־באַנדעס האָבן אָפּגעשטעלט די צוגן, אַרויסגעוואָרפן יידן פון די וואַגאָנעס, געשלאָגן זיי און דערשאָסן. איך בין דאָן געווען אין קלאָדזק (נידערשלעזיע), אָבער איך קאָן מער נישט איינזיצן. איך שטייג איין אין נאַכט־צוג, וואָס גייט אָפּ קיין וואַרשע. די גאַנצע נאַכט האָב איך זיך געמוזט צוהערן צו די

געשפּרעכן פון די פּאָליאַקן. און זיי רעדן כסדר וועגן די ייִדן: אַז ייִדן קומען צוריק אין גרויסע מאַסן פון רוסלאַנד און פאַרשמוצן די הייליקע פּוילישע ערד. אין וואַגאָן איז געווען פינצטער, מיין פּוילישער אַקצענט איז גאַנץ גוט און מען דערקענט מיך נישט. אַזוי גייט אַדורך די נאַכט. פאַרטאָג דערנענטערט זיך דער צוג צו פּרושקאָוו. דאָס האַרץ הייבט אָן קלאַפּן פעסטער, די נערוון ווערן געשפּאַנט; איך ווייס נישט וואָס עס דערוואַרט מיך דאָ, און אפשר זאָל איך פאָרן ווייטער, קיין וואַרשע? אָבער אָט פאָרט דער צוג אַריין קיין פּרושקאָוו. אַן אינערלעך מאָדנע געפיל באַהערשט מיך און אַן אומבאַוווסטער כוח שטופּט מיך אַרויס פון וואַגאָן. און אָט שטיי איך שוין אויפן פּרושקאָווער וואָקזאַל.

די ערשטע מינוטן נעמט מיך אַרום עפּעס אַן אומבאַקאַנט געפיל פון האַר־ציקער נאָענטקייט און אַכזריותדיקער פרעמדקייט — אַ געפיל וואָס קאָן אַראָפּ־פירן פון געדאַנק. איך באַפריי זיך פון דעם געפיל און לויף שנעל דורך דעם טונעל, קום אַרויס אין דער שטאָט און הייב אָן צו גיין פאָרויס. דוכט זיך דאָס זעלבע פּרושקאָוו, די זעלבע גאַסן, ביימער, הייזער, אַלץ געבליבן ווי געווען, און דאָך אַנדערש. קאַלט. איך באַזוך די ערשטע ייִדישע משפּחה פון אידעק קעניג־שטיין. ער דערציילט מיר ווי אַזוי ער האָט זיך געראַטעוועט מיט זיין פרוי און צוויי קינדער! ער דערציילט ווי אַזוי עס זענען אומגעקומען די ייִדן און ווער עס האָט זיך געראַטעוועט. ביז איצט זענען בלויז 6—7 ייִדן צוריקגעקומען פון די וועלדער און בונקערס, פון די לאַגערן און פון רוסלאַנד. זיי זענען דאָ, אָבער זיי זיצן נאָך אַלץ אויף די וואַליזקעס און ווילן וואָס שנעלער דערווייטערן פון דעם אָרטיקן גיהנום, וואָס איז פול מיט שנאה און גיפט.

איך בין אַוועק באַזוכן מיין שטוב. די טיר איז געווען געשלאָסן, די נייע בעלי־בתים זענען, ווייזט אויס, אַוועק צו דער אַרבעט. איך בין אַראָפּ אין קעלער, געשמעקט אין אַלע זייטן, געקוקט אין די שפּאַרונעס, אָבער נישט געפונען קיין שפּור פון אַמאָליקן לעבן, פון דעם פאַרמעגן און גוטס.

איך בין אַוועק אפילו באַזוכן דאָס שעכטהויז, וווּ מיין טאַטע האָט במשך פון 35 יאָר געטאָן זיין הייליקע אַרבעט אַלס שוחט, און וווּ עס האָבן תמיד געראַשט און געווימלט מיט קצבישן געפילדער, מיט ווייליוונגערישן קלאַפּן איבער די פּלייצעס, מיט האַנדל־וואַנדל. פון דעם אַלעם איז קיין זכר נישט געבליבן. דאָס שעכטהויז שטייט טאַקע אויף דעם זעלבן אָרט, עס האָבן זיך נאָר געענדערט די בעלי־בתים. אַנשטאָט הענעך קעניגיישטיין איז איצט דער בעל־הבית דער מאַגי־סטראַט. די אַנגעשטעלטע זענען די זעלבע גויים, אָבער אַלץ וואָס איז געווען ייִדיש איז מער נישטאָ.

איך האָב אויך באַזוכט דעם „אָרנטלעכן" פּאָליאַק, ביעלאַווסקי, אין זיין אַפּטייק. איך בין אַריין אין אַפּטייק, שטיין געבליבן און געוואַרט אַ לענגערע צייט. איך בין געווען זיכער, אַז ער דערקענט מיך נישט, אָבער ווען איך האָב אים געפרעגט, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ער האָט מיך דווקא יאָ דערקענט און איך האָב

פאַרשטאַנען, אַז מיין אָנוועזנהייט איז אים נישט שטאַרק צום האַרצן, און איך האָב אים פאַרלאָזן.

איך האָב אויך באַזוכט אַ יונגע קריסטין, מיין שוועסטערס אַ חברטע, יאַדזשקע, וואָס פלעגט פיל אַריינגיין אין די יידישע אינטעליגענטע היימען. זי האָט מיר אָפּגעגעבן אַ בילד פון מיין שוועסטער און באַלד אָנגעהויבן שיטן פעך און שוועבל אויף יידן. איך האָב איר שאַרף אָפּגעענטפערט און אַוועק אָן אַ „גוטן־טאָג״. דאַן בין איך אַוועק באַזוכן די פאַרבליבענע יידן: פישל דעם שוסטער, פרוכט, כּטאַכע גוטאָוויטש, דער אַלטער ראָזענאָוויטש. ראָזענאָוויטשס פרוי איז עטלעכע יאָר געזעסן אין אַ פינצטערן בונקער און איז אין גאַנצן בלינד געוואָרן. דאָך האָט זי מיך באַלד דערקענט לויט דער שטימע און מיך אָנגערופן ביים נאָמען. איך בין אַוועק צו לאה קאָן (פון דער היים זאַלצמאַן) און צוזאַמען זענען מיר אַוועק אויפן בית־הקברות. מיר האָבן ביטער זיך צעוויינט און נישט געקאָנט זיך באַ־רואיקן און געטראַכט, אַז למען האמת, געפינט זיך דאָ דער גליקלעכער טייל פון די פרושקאָווער יידן. דער בית־עלמין איז ווייניק געווען באַשעדיקט. מיין מוטערס מצבה איז געווען כמעט ווי ניי. דעם אַלטן רבס „אוהל״ בכלל נישט אָנגערירט און אַזוי אויך די אַנדערע מצבות. קומענדיק אַרויס האָט מיך באַגעגנט דער קריסט־לעכער שומר און געבעטן געלט פאַר זיין היטן. איך האָב אים צוגעזאָגט צו שמועסן וועגן דעם מיט די יידן אין שטאָט. איך האָב עס טאַקע געטאָן און שפּעטער האָט ווייצער, מיט דער אונטערשטיצונג פון דזשאָינט געזאָרגט דערפאַר, אַז דער בית־הקברות זאָל אַרומגעצוימט ווערן (דער דזשאָינט האָט דאַן ווידער אָנגעהויבן צו פירן זיין טעטיקייט. אויך אין פרושקאָוו איז געשאַפן געוואָרן אַ קאָמיטעט, ווו די סעקרעטאַרין איז געווען ראָזענאָוויטשס טאָכטער. דער קאָמיטעט האָט זיך געפונען אויף דער קלאָנאָווע־גאַס, און יעדער ייד, וואָס האָט באַזוכט די שטאָט האָט דאָרט באַקומען די ערשטע געלט־שטיצע און אַ פּעקל מצות).

איך בין דורכגעגאַנגען די שטאָט אין דער לענג און אין דער ברייט. אַריינ־געקוקט דאָרט, ווו עס זענען פריער געווען וואַרעמע יידישע היימען און זיך אָנגע־טראָפן מיט די בייזע און קאַלטע גויישע בליקן. פיל מאָל האָב איך געקאָנט הערן אויף דער גאַס אַ פראַגע פול מיט וווּנדער, אַז עס געפינט זיך נאָך אַ לעבעדיקער ייד. איך בין אָבער אויך געריירט געווען פון דריי באַגעגענישן מיט פּאָליאַקן. איין מאָל, ווען אַן אַלטער פּעפּעסאָוויעץ, דוכט זיך, אָפּאָלסקי, האָט זיך מיט מיר אַרומגעכאַפּט קושן; דאָס צווייטע מאָל, די האַרציקע באַגריסונג פון דעם נייעם בירגערמייסטער, וואַלטשאַק, אַן אַמאָליקער פּשוטער אַרבעטער אין דער פאַרבן־פאַבריק. און צום סוף, איין מאָל, גייענדיק אין גאַס האָב איך געהערט מיך רופן אויף פּויליש: „שוחטקעס זון!״. דאָס איז געווען דער פּאָסטטרעגער פון מאַ־גיסטראַט, כעלינסקי, וואָס זיין מוטער פלעגט וואַשן וועש אין יידישע הייזער און ער פלעגט דאָרט אויך פיל מאָל אָפּעסן. ער האָט זיך צעוויינט און מיר דערציילט וועגן זיינע גרויליקע איבערלעבענישן אין דייטשלאַנד אַלס געפאַנגענער. עס איז אים באמת שווער געווען צו דערקענען. מיך האָט ער, דאַקעגן, דערקענט פון

אונטן כאילו לויטן גאַנג פון מיין מוטער. בדרך כלל האָבן די פּאָליאַקן אין שטאָט נישט געוווסט, אַז עס זענען נאָך דאָ יידן און דאָס האָט מיר דערמעגלעכט זיך פריי אַרומצודרייען אין שטאָט און באַזוכן די פּאַרוואָרפנסטע ווינקעלעך.

אַלץ איז געווען ווי פריער, נאָך אפילו שענער. די עטלעכע יידישע הילצערנע געביידעלעך פון ראָזענבלום, גערשיניאַק און קאַמערפּוקס זענען אָפּגערוימט געוואָרן. די שטאָט איז געהילט אין גרינס און ביימער, אַ מחיה פאַרן אויג. די געשעפטן זענען שוין טיילוויז אָפן, פארשטייט זיך, אז נאָר מיט פּוילישע סוחרים; עס זענען צוגעקומען נייע בעלי־מלאכות, שוסטערס, שניידערס — פאַרנומען די יידישע פּאָזיציעס, און קיין יידן זענען נישטאָ! און זיי פעלן דאָ קיינעם נישט אויס!

און די פאַרבליבענע עטלעכע יידן קאָנען זיך שוין דאָ קיין אָרט נישט געפינען. פאַר זיי עקזיסטירט נישט מער די שטאָט פּרושקאָוו. זיי האָבן איצט אַן אַנדערע אויפגאַבע: לעבן! און מיט זייער לעבן צו פאַראייביקן און פאַרצוזעצן די גאָלדענע קייט פון פּוילישן יידנטום און פון די טויזנטער טייערע, נאָענטע און פאַרטיליקטע נשמות פון דער יידישער קהילה אין פּרושקאָוו, וואָס איז געווען און איז מער נישטאָ. הי״ד.

חבל על דאבדין ולא משתכחין!

מנשה אופוזדובר

## דפים מתולדות הקהלה

(תמצית ותרגום של המאמר לעיל)

לדאבוננו, לא נשארו מסמכים ותעודות אשר יכלו לעזור בסקירה הקצרה הזאת על תולדות הקהלה שלנו ולפיכך לא היתה בידי ברירה אחרת אלא להסתמך על העדויות והזכרונות של אלה, אשר נשארו בחיים ובפרט על שיחותי עם חותני, יצחק גוטאוויטש ז״ל, מותיקי הקהילה. כמובן, שאין סקירה זו יכולה להיות מדעית ומושלמת.

### העיר פרושקוב

העיר פרושקוב נמצאת במרחק של 17 ק״מ ממערב לורשה, הבירה. את העיר חוצה נהר קטן, אוטראטא, אחד מיובלי הבזורא אשר משתפכת לתוך הויסלה. על הנהר הזה עבר גשר אשר חיבר את החלק הדרומי של העיר עם הפרברים הצפוניים ז׳ביקוב, טווארקי ועוד. הנהר מתפתל מסביב לעיר ומשני גדותיו משתרעים גנים וכרי־דשא מרהיבים וצצות פינות נוי „רומנטיות".

העיר היא אחת הצעירות בסביבה. עד סוף המאה הקודמת היו קיימים מספר כפרים בודדים. רוב האדמות היה שייך למשפחת הגראף פוטוליצקי. רק ב־1918 מוזגו הכפרים לתוך עיר מאוחדת, פרושקוב. מאז התפתחה העיר במהירות רבה, הודות לתחבורה המצויינת לעיר הבירה. דרך העיר עבר קו הרכבת הראשי

מורשה מערבה ודרומה. בשנים האחרונות לפני המלחמה חוברה הרכבת לרשת החשמל וחוסלו קטרי־הקיטור. ממזרח לעיר עבר גם קו של רכבת־חשמלית פרטית, אשר חבר את ורשה עם טווארקי, פאדקאוואלעשנא וגרודזיסק. בעיר נמצאו גם סדנאות־הרכבת הגדולות ביותר שבמדינה.

ב־1939 מנתה העיר כ־33.000 אלף תושבים וביניהם למעלה מאלף יהודים. היא היתה למרכז מסחרי לכפרי־הסביבה, אבל עיקר פרנסתה על התעשיה המקומית. נמצאו בה מספר מפעלי־חרושת חשובים כגון: בי״ח לעפרונות של מאיעווסקי, לכלי־מטבח של ערענרייך, למוצרים כימיים של ראטנער וזומער־נובר, לפח, לניר, ותחנת החשמל האיזורית בעלת עוצמה רבה.

## פרושקוב היהודית

לולא החורבן והשואה היינו בודאי חוגגים עתה את שנת המאה לקיום הקהלה. קהלה צעירת ימים, בת 250 משפחות אשר הצטרפו אליה מכל קצוות המדינה. התפרנסו בעיקר ממסחר זעיר וממלאכות. מבחינה כלכלית היה המצב שפיר ורק מעטים נזקקו לחסדי ציבור. למצב זה גרמה הקירבה לעיר הבירה ושגשוג התעשיה המקומית. אלפי פועלים ופקידים פולניים עבדו בורשה והזרימו את משכורותיהם לתוך כלכלת העיר. אפס, וקירבה גיאוגרפית זו היתה גם בעוכרינו כי בשביל הנוער היהודי היתה העיר יותר בחזקת בית־מלון. בשביל עבודה, לימודים או שעשועים — היו מעדיפים לנסוע לורשה.

היהודים התרכזו בחלק אחד של העיר. אבל גם באיזור זה הם היוו מיעוט בין קהל של גויים עוינים. ואפילו בשכונה זו הם תמיד חששו לגילויי איבה והתנפלויות מצד בריונים. במיוחד היו חוששים לעבור את הרחובות במוצאי־שבת, כשפועלים שיכורים היו מבזבזים בשתיה את משכורתם השבועית שזה עכשיו קבלו. אפילו פינות־החמד אשר לאורך הנהר היו „מקום מוכן לפורעניות״ בשביל מטיילים יהודים. ובכל זאת לא רצו הצעירים היהודים לוותר על תענוגות החיים והיו מוצאים שם, בערבים, זוגות מאוהבים, מדריכי תנועות־הנוער עם חניכיהם, או קבוצת תלמידים עם המורה קוזיברוצקי, אשר באו לשם בבוקר השכם לשם לימוד ושחיה.

ההתנפלויות האנטישמיות היו מנת חלקם של היהודים במשך שנים רבות, והתרבו בשנים האחרונות אשר לפני השואה. אפילו הלוויות לבית־הקברות היהודי היו בחזקת סכנה תמידית והיו מתנפלים על המלווים בדרכם בחזרה העירה.

## דורות ראשונים

במרחק של שבעה ק״מ מפרושקוב שוכנת עיירה קטנה בשם נאַדאזשין. שם היה ישוב יהודי ותיק. בבית־הקברות המקומי ראו עוד מצבות של יהודי־ורשה, אשר נקברו שם כאשר בעיר הבירה עוד לא הייתה קיימת קהלה יהודית רשמית. במשך שנים רבות היתה עירה זו גם כעין מרכז ליהודי פרושקוב בשטח של שירותים דתיים. לשם היו מביאים גם את הנפטרים הראשונים בעגלה, כי תחבורה

פון דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט ער געמאַכט „אַנדערע" געשעפטן, רייך געוואָרן און פון דעם בערדעלע איז געבליבן נאָר אַ „קמצל". אַ מאָדנער שמייכל איז געווען אויף זיין פנים און מ'האָט קיין מאָל נישט געוווּסט דעם טעם דערפון. דאַן האָט מען אים אָנגעהויבן רופן „פאַניע ראָזענבלום". שטייען טאַקע זיינע הייזער אויף די זעלבע פלעצער, אָבער פרעמדע יורשים האָבן הנאה דערפון.

אָט קומט אַריין ר' זלמן יערעמיאַש. אַ ייד מיט אַ מעשענער באָרד. תקיפות געמישט מיט גוטסקייט, העזה מיט צוגעשמאָלצענער נאָכגיביקייט. געהאַלטן אַן אָפענע שטוב פאַר אַלעמען — חסידים, פראָסטאַקעס און אויך פאַר דער יוגנט, וואָס פלעגט אַריינקומען צו זיינע קינדער: אלחנן, יהודית, צבי און אלי. אין דער שול איז ער געווען אַ שטרענגער, ווי עס פאַסט פאַר אַ דאָזאָר. נאָכן אָפּכעסן זיך, פלעגט זיך זיין רויטע באָרד צעשמייכלען, און גיי טו אים עפּעס! און אָט זע איך אים אין זיין שטוב, שבת־צו־נאַכטס, ווי ער זיצט ביים טיש און אַנטקעגן אים יעקב „מנקר" סטאָלאָוויטש. זיי שפּילן שאָך. ר' יעקב איז אַ נידעריק, געפּאַקט יידל מיט אַ לאַנגער באָרד. די שאָך־שפּיל האָט זיך געצויגן וואָכן און חדשים און דוכט זיך, אַז זיי האָבן זי קיין מאָל נישט געענדיקט. מ'האָט אַראָפּגענומען די „שטיקעס" און ווידער צוריקגעשטעלט, און ווידער אַראָפּגענומען, ביז מען האָט געזאָגט „אַ גוטע וואָך" און „אם ירצה השם וועלן מיר עס באַנייען די נאָענטסטע וואָך".

די „קיביצער" זענען תמיד די זעלבע יידן: ר' יצחק פריידזאָן און ר' משה אהרן אַראָנאָוויטש. יידן למדנים, וואָס קאָנען שווימען אין דעם ים התלמוד און יידישקייט איז זיי טייער. יצחק פריידזאָן, דער בייטלמאַכער, פלעגט די פּאַפּי־רענע בייטלען טרוקענען לענגער ווי מ'דאַרף, ווייל טאָמער חס־וחלילה... און אַ וואָג האָט ער געגעבן לפנים משורת הדין. וואָס הייסט, צוליב עטלעכע גראַם פּאַפּיר לוינט זיך צו האָבן מחלוקת מיט קטיגור, איבער הונדערט און צוואַנציק יאָר? און דער חוק איז ביי אים חל נישט נאָר לגבי יידן. האָבן אים טאַקע די גויים דערפאַר שיין אָפּגעדאַנקט און אַפילו זיין ביסל אָרעמקייט פון אים אַראָפּ־געריסן.

און אָט זיצט משה־אהרן דער מלמד, מיט בײדע עלנבויגנס אָנגעשפּאַרט אויפן טיש, האַלטנדיק דערביי אַ גלעזל טיי וואָס טאָבעלע, זלמנס ווייב, איז אַלעמען מכבד. אַן ערלעכער ייד מיט אַ לאַנגער באָרד, די ברילן אויפן שפּיץ־נאָז און דורך זיי קוקן צוויי גוטע אויגן. דערציילט מען מיר וועגן דעם שטילן ייד, אַז ווען אונדזערע געפּייניקטע יידן האָבן פון צרות פאַרגעסן אין דער שול, איז ר' משה־אהרן אַוועק אין בית־המדרש בכדי צו באַשיצן די הייליקע ספרים פון עמלקס הענט.

איך טו אַ שוידער. די זכרונות פאַרלאָזן מיך נישט. איך זעץ זיך אַוועק אויף אַן אָפּגעהאַקטן שטאָם פון אַ בוים און מאַך ווידער צו די אויגן. פּלוצלינג דערהער איך טשלאַפּן־טריט. איז עס מעגלעך יאָ, דאָס איז ער, שמואל־בער געלבאָרד. ווי תמיד טראָגט ער די אָפּגעריבענע קאַפּאָטע און שטיוול, ווינטער און זומער.

די הענט הענגען נאָך, מידע, דער קאָפּ געבויגן, די אויגן שטענדיק טרויעריקע און פאַרזאָרגטע, זיין פּנים צעאַקערט פון דאגות פרנסה. זינט איך געדענק אים איז ער אַ קעמפער פאַר דער בידנער חיונה, אָבער דערפאַר מיט גאָט אין האַרצן, מיט אַ באַגאַזש פון אַ גרויסן מאַמין. און איך זע אים איצט שפּרייזן, מיד און דאָך מיט בטחון, אולי ירחם. אָרעם? ניין, רייך מיט תורה און מצוות, מיט ערלעכקייט און פרומקייט. איין מאָל, אַ פרייטיק־צו־נאַכטס, ווען איך האָב געזען שמואל־בערן גיין אַהיים פון בית־המדרש, האָט זיך מיר געדוכט, אַז אָן אַ שיעור מלאכים באַגלייטן אים און טאַנצן אַרום אים. שמואל־בער יאָגט זיך נישט און גייט לאַנגזאַם אַאון שווערלעך איבער די גאַסן, דער רעיון פאַרפלויגן אין די הימלען און די זינדיקע פיס פירן אים צו זיין שטוב, וואָס געפינט זיך, צו להכעיס, אַנטקעגן דער „טומאה". און איך פלעג פילאָזאָפירן: ווען איך פלעג דאָרט פאַרבייגיין אַמאָל, פלעג איך באַלד זאָגן „שקץ תשקצנו..." און וויפל מאָל, מוז ער, נעבעך, דאָס זאָגן יעדן טאָג! און אַ רחמנות פלעגט מיך אַרומנעמען פאַר אַזאַ שווערן עול פון אַ גוטן יידן.

איך הייב זיך אויף פון מיין זיץ־אָרט אָבער דער שטאָם־בוים ציט מיך צוריק. איך דערמאָן זיך, אַז אַלס קינד, ווען עלטערע יידן האָבן געדאַוונט, פלעגן מיר, די „ווייסע חברהניקעס", זיך אַרויסגנבענען פון הינטער דעם טאַטנס שמירה און היידאַ! גענומען קלעטערן אויפן בוים וואָס איז דאָ אַמאָל געשטאַנען. ווען איז דאָס געווען? דוכט זיך, אַז נעכטן, אָבער ווו איז דער נעכטן? ווו זענען די יידן און ווו איז דער בוים? אָבער פלוצלינג הער איך עמעצן לאַכן. ווער לאַכט דאָס אַזוי? עס איז מיר קענטלעך. יאָ, זיכער, דאָס איז וואָווע מוסמאַנס געלעכטער. וואָס לאַכט ער דאָרט? ער זאָגט, ווען חיים־לייזער, דעם נייעם שמש, וואָס דער רב האָט זיך צוגעקליבן, אַז ווען דער רב זאָל אים דערלויבן, וואָלט ער אים צוזאַמען מיטן טלית־זעקל, דעם שוואַכינקן רב, אין שול אַריינגעטראָגן!

חיים־לייזער איז געווען פון פאַך אַ שוסטער און אַ שייטל עברי האָט זיך אים געשטעלט אַלע מאָל פּאַפּעריק אין האַלדז. און וואָס שייך שוסטעריי איז ער אויך געווען אַ שוואַכער מומחה. ער פלעגט מאַכן, בעוונותינו הרבים, מענער־שיך אויף דאַמסקע קאַפּיטעס. אָבער דערפאַר איז ער געווען אַ ייד אַ גברן, וואָס האָט אַמאָל אין אַ שמחת־תורה געשלאָגן אַ האַלבע שטאָט מיט אַ ראָש־פייל צוליב אַ מעשה שהיה. ווו ביסטו איצט, חיים־לייזער, מיט דיין גבורה? און אפשר האָסטו עס יאָ באַוויזן, אָבער עס איז נישט געבליבן ווער עס זאָל דאָס דערציילן?

און מיין צעהיצטער דמיון זעט פיל אַנדערע. אָט קומט אַריין אויפן שול־הויף אלי ראָזענאָוויטש מיט זיינע צוויי זין. אַ ייד אַ גביר, מיט אַ ברייטער האַנט. שטיל, באַשיידן. צום דאַווענען קומט ער זעלטן, אָבער אין די ימים־נוראים פלעגט ער אַריינקומען געלאַסן און ערנסט מיט זיינע זין, די סטודענטן, און פיל בעלי־בתים פלעגן אָנווייזן אויף זיי צו זייערע קינדער און זאָגן: לערן זיך דרך־ארץ, שייגאַץ!




הכנס הראשון של יוצאי פרושקוב בישראל בשנת 1944

און אַט גייט איטשע „חלב־ייד״, יצחק מוסמאַן. איך קריג מורא, ווייל אַלס יינגל פלעג איך תמיד מורא האָבן פאַר אים. ווייל איטשע חלב־ייד איז אויך געווען אַ קברן, און תמיד פלעגט זיך מיר דאַכטן, אַז ער טראָגט אַ מת אויף די הענט. געווען זענען ביי אונדז צוויי קברנים: ער, איטשע, אַ הויכער, אַ געלער, מיט אַן אומעטיק פנים, און מאיר־יחיאל שוסטער, דער היפך פון אים: אַ קליי־נינקער, אַ ווייצלדיקער. אַלס יינגל האָט מיר אַ מאָדנער געדאַנק נישט געגעבן קיין רו: טאָמער שטאַרבט מאיר־יחיאל פריער, וועט דאָך קיין פּראָבלעם נישט זיין, ווייל דער הויכער איטשע וועט אים אַ נעם טאָן אויף די הענט ווי אַ פייגעלע און אַריינלייגן אין קבר אַריין. אָבער טאָמער שטאַרבט פריער איטשע, ווי אַזוי וועט זיך דער קליינער מאיר־יחיאל אַן עצה געבן אַליין? אָבער מן השמים האָט מען דאָס פאַרשטאַנען און טאַקע גוזר געווען, אַז מאיר־יחיאל זאָל זיך דער ערשטער „אָפּטראָגן״...

איטשע חלב־ייד האָט אויך געהאַט אַ שוואַכקייט צום „ברעטל״. מיר, „ווייסע חברה״, פלעגן אָפּוואַרטן זיין „קדושה״, ווען ער פלעגט פאַרציען זיין „א־י־ה?״ מיט אַ ספּעציפישן שאלה־ניגון. מיר פלעגן דעמאָלט אַלע מיט אַמאָל אַרויסקוויטשען דעם „א־י־ה?״ צוזאַמען מיט אים. אונדזערע עלטערן פלעגן אונדז, מכלומרשט אָנזידלען, אָבער אַליין פלעגן זיי הנאה האָבן פון דעם ספּעק־טאַקל. און איצט „א־י־ה?״, ווו זענט איר, טייערע יידן?

איך פאַרמאַך ווידער די אויגן, אָבער איך הער עפּעס אַ שטימע רעדט צו מיר און עמעצער טרייסלט מיך ביים אָרעם. איז עס מעגלעך? איך האָב מורא צו עפענען די אויגן, אָבער איך דערקען די שטימע. עס איז מיין זיידע, הערש־יהודה. וואָס טוסטו דאָ, ראובן, אויפן שול־הויף? איך רייס אויף די אויגן און איך זע, אַז איך זיץ אויף דער ערד, איך בלייב זיצן פאַרטראַכט. וואָס? מיין זיידע איז דאָך טאַקע געשטאָרבן, ווו קום איך אויפן שול־הויף? איך דער־מאָן זיך, אַז ווען איך בין שוין געווען אַן אַכצן־יאָריקער בחור און מיין טאַטע ע״ה האָט שוין נישט געהאַט קיין גרויסע שליטה איבער מיר, פלעג איך פירן וויכוחים מיטן זיידן מכוח פרומקייט. מיין זיידע איז נישט געווען קיין למדן, נאָר אַ פּשוטער, ערלעכער ייד. ער איז געשטאַרבן צוליבן גיין חנוכה־צייט אין מקווה אַריין, און ביזן לעצטן טאָג פלעגט ער האַנדלען מיט לאָטעריע־צעטלען מיט יידן, וואָס האָבן, נעבעך, געוואָלט נתעשר ווערן. פלעגן זיי מיט אַ אָפּגעשפּאַרטן גראַשן זוכן מזל ביי מיין זיידן. נאָך איצט זע איך אים איינגעהילט אין דעם גרויסן פעלץ, גייענ־דיק אַהיים פון דער שול מיטן טלית־זאַק אונטערן אָרעם און נאָך אים שלעפּן זיך נאָך עטלעכע יידן, וואָס ווילן וויסן ווי עס האַלט מיטן „פינפטן קלאַס״.

משה פאַרבמאַן איז תמיד דער ערשטער צווישן זיי. ער איז, נעבעך, אַ מטופל מיט טעכטער און עס וואָלט גאָרנישט געשאַדט עס זאָל אים אַרויס דאָס גרויסע געווינס. ער איז טאַקע אַ נצרך, אָבער תמיד אַ צעשמייכלטער. די רעכטע האַנט אונטער־געשפּאַרט ביים טויבן אויער און פרעגט שטילערהייט: עפּעס אַרויס, האַ? און איך הער מיין זיידן איצט ענטפערן מיט אַן אַנדער קול: עס איז אַרויס,

עס איז אַרויס דאָס גרויסע אומגליק! מיין זיידע איז געשטאָרבן נאָך פאַרן חורבן, אָבער אַלע מאָל פלעגט ער מיך וואָרענען, אַז מען מוז און מען באַדאַרף זיין פרום און ערלעך, אַז נישט וועט חלילה אַרויס... און פלעגט קיינמאָל נישט פאַרענדיקן דעם זאַץ. און איצט הער איך אים ווידער דייטלעך, ווי ער שרייט: „ס'איז אַרויס, ס'איז אַרויס דאָס גרויסע אומגליק!!!

מיין זיידע איז דאָך גערעכט. וואָס טו איך דאָ איצט? עס איז דאָך פוסט און ווילד. איך וויל שוין אַנטלויפן, אָבער מיינע פיס לאָזן מיך נישט. ווי צוגעשמידטע צו דער ערד. איך הער אַלץ שטימען און שטימען. אָט דערהער איך אַ סאָפּראַן. יאָ, דאָס איז דאָך איטשע דעם חזנס „ריידערינע", ווי מיר פלעגן אים רופן צוליב זיינע פיעטריקאָוועך „ריישן", וואָס ער האָט געירשנט פון זיין טאַטן. ווען די דייטשן זענען אַריין האָט ער געאַרבעט פאַר זיי קאָמאַשן־מאַכעריי, ביז איין טאָג האָט מען אים אַוועקגעפירט אויף דעם כראַביעס פלאַץ, מען האָט אים געהייסן אויסגראָבן אַ גרוב און ווייל די קריסטלעכע שכנים האָבן זיך שפּאָטיש צוגעקוקט, האָט מען מיט אַ שאָס פאַרענדיקט זיין לעבן.

און איך הער נאָך אַ שיינע שטימע, יאָסל בראַנדס. איך האָב אים נאָך געטראָפן אין ביאַליסטאָק, ביי די רוסן. יאָסל רייסט זיך מיט אַלע כוחות אַהיים, ווו עס געפינט זיך זיין קליין טעכטער'ל מיט די שוואַרצע אייגעלעך און לאַנגע צעפּעלעך. געווען מאָמענטן, ווען די בענקשאַפט האָט געריסן זיין האַרץ און דאַן פלעגט ער מיך בעטן: ראובן, לאָמיר זינגען דעם חזנס „קולי שמע וראה דמע עיני", און טרערן פלעגן זיך גיסן איבער זיינע באַקן. עס קלינגט נאָך מיר זיין שטימע, אָבער זיין לעצטן „קולי שמע" האָב איך שוין נישט געהערט.

איך שטיי צוגעשמידט צום אָרט אַזוי ווי אין אַ כישוף־קרייז. פון דער גאַס רייסן זיך פּלוצלינג אַריין שטאַרקע מוזיק־קלאַנגען. דאָס פייער'ט מען דעם ערשטן מאַי, אַ יום־טוב פון פרייהייט, ברידערלעכקייט, אחדות און ליבשאַפט פון מענטש צו מענטש. אָבער אין די מינוטן קלינגט עס פאַר מיר אַזוי פאַלש, אַז איך ווער צעררייצט. עס קלינגט אַזוי ווי גלאָקן־קלאַנגען פון די שייטער־הויפנס. איך פאַרשטאָפּ מיינע אויערן ביז די קלאַנגען דערווייטערן זיך. אָבער איך הער דאָ אַ פידל שפּילן! דאָס איז דאָך משה קלעזמער, משה „גאָגע", ביים סיום הספר! אָט גייט פיל יידן, יום־טובדיק, פריילעך, זאָרגלאָז. דער שול־הויף איז פול מיט מענער, פרויען און קינדער און משה קלעזמער, אַ צעשטראַלטער, אַ פאַרשוויצטער מיט זיין פידעלע, אַרבעט מעשים מיטן סמיטשיק. אָט לאָזט ער זיך אַראָפּ צו די נידעריקע טענער, און אָט גיט ער אַ שפּרינג אַריבער צו די העכסטע אָקטאַוועס און זיין סמיטשיק ציט אַרויס זיסע ניגונים, אַזוי ווי פייגעלעך וואָלטן געזונגען. אָנגעשפּאַרט מיט אַ האַלבן קאָפּ אין דער זייט, מיט אַ פאַרשפּיצטער גרויסער נאָז צו בעליק צו, פאַרגעסט ער ווו ער געפינט זיך. ער שפּילט און סאָפּעט, סאָפּעט און שפּילט „שישו ושמחו בשמחת תורה י" אויף דעם באַלעמער שטורעמט ר' הער'ש־יעקב מיט זיינע משוררים. אין שילעכל גייט אַן אַ האַנדל וועגן שרייבן אַן „אות". יידן זשאַלעווען נישט קיין געלט, פון דעם



כנס שני של יוצאי פרושקוב

רייכסטן ביז צום אָרעמסטן, יעדער וויל האָבן אַ חלק. מ׳טיילט לעקעך מיט בראָנפן. דער הויף איז פול מיט יידן; פיל יוגנט. די יוגנט איז טאַקע נישט פרום אָבער עפעס אַ קליינינקייט, שרייבן אַ ספר־תורה! אַ תורה פון שיינע געזעצן, פון די עשרת הדברות, פון עטיק און הויכע אידעען! ניין, מע מוז נישט זיין פרום דערצו.

מאָטל בענדער, דער „זעקל־ייד״, שטייט אין מיטן שול־הויף מיט פונאַנ־דערגעשפרייטע הענט, דערציילט און לאַכט: „כ׳האָב געקויפט אַן אות פאַר מיינע פאָר גראָשן, איז מיר פונקט אויסגעפאַלן דער לא תרצח. געפּאַקט אַ גזלן״, לאַכט ער. „איי״ — זאָגט ער — „ווען איך קען אַט דעם פאַך, וואָלט איך שוין אַנגעבראָכן די ביינער פון אונדזערע בעקערס, וואָס פּאַקן מיר אַריין לעכעדיקע זעק און רייסן לעבעדיקע פאַסן פון מיין קעשענע״. מאָטל, מיט אַ ברייט, לאַכע־דיק פנים איז שטענדיק אַרומגעגאַנגען אַ פאַרמעלטער און זיינע איינציקע שונאים זענען געווען די בעקערס. איך האָב אים אַמאָל געטראָפן אויף דער לעצטער נאַכט־באַן פון וואַרשע. ער איז געזעסן און געשמאַק געכראָפּעט. ווען מיר זענען אָנגעקומען קיין פרושקאָוו האָב איך אים אויפגעוועקט. מיר זענען אַראָפּגעגאַנגען פון דעם צוג, אָבער דאָ, אַנשטאָט צו גיין מיט מיר, האָט ער גאָר פאַרקירעוועט צום באַן־גערטנדל. „ר׳ מאָטל״ — זאָג איך צו אים — ווהין גייט איר?״ אַ טרויעריק־פאַרשלאָפענער שמייכל באַווייזט זיך אויף זיין פנים און ער דערקלערט מיר: „צו וואָס איצט אַהיימגיין? אַז באַלד איז דאָך שוין פרימאָרגן און איך מוז זיך ווידער שלעפּן צו דער באַן. וועל איך שוין דאָ, אין גאָרטן, כאַפּן אַ דרימל״. און אַט זיצט ער שוין אויף אַ באַנק, אַ ווייסער מיט אַן אַראָפּגעלאָזענעם קאָפּ און שלאָפט. און ווו איז ער איצט? און וואָס איז געבליבן פון זיין „לא־תרצח״? אַנדערע האָבן דעם „לא״ אויסגעמעקט און מאָטל בענדער צוזאַמען מיט אַן עדה יידן זענען דערביי אויסגעמאָרדעט געוואָרן.

און עס האָט נישט געהאָלפן אַפילו משה גע־שיניאַקס תהילים־זאָגן. ער, משה, דער פרושקאָווער „תהילים־ייד״ איז געווען אַ שניידער. ער האָט אָפּגע־פינצטערט אַ לעבן אונטער דער פאַדלאָגע פון זיין נידעריק הילצערן הייזל. אַריינגעשלעפט אַלע קינדער אַהינצו און געהאָרעוועט, געמאַטערט זיך אַזוי לאַנג ביז מע וועט קענען אַרויסקריכן פון דעם לאָך. און פון הימל האָט מען אים געהאָלפן. און פאַר די אַלע שווערע טעג און שלאָפלאָזע נעכט, האָט מען זיך אַרויפגעאַרבעט, געקויפט צוויי הייזער און געהאַפט צו האָבן אַ ביסל נחת אויף די עלטערע יאָרן. אָבער איצט געניסן אַנדערע פון זיין האָפענונג און פראַצע.

איך וויל זיך אָפּרייסן פון די זכרונות. איך וויל זיך אַוועקרייסן פון דעם אָרט, ווו איך שטיי, פון שול־הויף. אָבער עס איז שווער. דאָ פלעג איך דאָך דורכלעבן די בעסטע שעהן פון מיינע קינדער־יאָרן. איך פלעג דאָ אַהערקומען מיט מיין טאַטן ע״ה און אַפילו אין די שפּעטערע יאָרן פלעג איך זיך פון מאָל צו מאָל אַריינכאַפּן בכדי צוליב צו טאָן מיינע עלטע־ן. דאָ האָבן מיר געפילט דעם יום־טוב, די נשמה יתירה. דאָ האָבן מיר נישט קיין מורא געהאַט פאַר

שקצים. דאָ האָבן מיר פּאַראַדירט מיט די נייע און דאָ אויך געטריבן ק׳נדסישע שטיק. ווי פלעגט מיין מאַמע ע״ה זאָגן? „ אַ שטאָט אַן אַ שול איז ווי אַ גוף אַן אַ נשמה״. איז די נשמה טאַקע שוין נישטאָ. איז עס שטיל דאָ ווי אויפן בית־הקברות.

איך פיל, אַז מער קאָן איך נישט בלייבן. איך מוז פון דאַנען אַוועק. אָבער פאַרן געזעגענען זיך הייב איך אויף מיינע אויגן און קוק צום לעצטן מאָל אויף דעם אָרט ווו די שול איז געשטאַנען. אָט־דאָ איז געווען די מזרח־וואַנט. דאָ איז געשטאַנען שלמה־הלל ז״ל דער שוחט, אין איין ווינקל, און הערש־יעקב אין אַנדערן, אַזוי ווי צוויי זיילן. בידע שוחטים זענען נפטר געוואָרן נאָך פאַרן חורבן. אָבער איך האָב צו זיי אַ טענה: ווו זענען אייערע חלפים? איר האָט דאָך די שטאַרקסטע אָקסן אַוועקגעקוילעט איינס־צוויי, טאָ פאַרוואָס זענט איר נישט געקומען מיט די חלפים אָפּהיטן אייער קהילה קדושה? איר האָט באַדאַרפט, על דעת הקהל, קוילען אויף רעכטס און אויף לינקס. איר האָט דאָך געלערנט: „עין תחת עין״ און „הבא להרגך השכם והורגו״. עס איז אַ מצווה, אַ באַפעל!!!

איך קאָן נישט מער. דער באָדן ברענט אונטער מיר. איך הייב אָן צו לויפן. איך לויף דורך דער „שטשאַנקע״. עס ווערט מיר שמעלער און לענגער און איך מוז פון דאַנען זיך אַרויסבאַקומען, פאַרלאָזן דעם שול־הויף. אַ דור, אַ קורצער, האָט דאָ צו דעם אייביקן גאָט געבעטן „למה עזבתני״? נאָר „ער״ אַליין ווייס!

פרישקאָוו, דעם 1טן מאַי 1946

ש. קאַרטשעווער

## אַ ל״ג־בעומר אין פּרושקאָוו

די שולע האָט זיך געפונען אין הויז פון הענעך קעניגשטיין, אויפן דריטן שטאָק. דאָרט האָט אונדז איין מאָל געמאָלדן דער לערער קאָזשעבראָצקי, אַז איבערמאָרגן איז ל״ג־בעומר און מיר וועלן אַלע מאַרשירן אין וואַלד אַריין.

אַ גרויסע פרייד האָט אונדז אַלעמען באַהערשט. די גאַנצע שולע וועט מאַרשירן אין אַ לאַנגער ריי דורך די לאָנקעס און פעלדער. מע וועט קענען רייסן בלומען, און אין וואַלד, זאָגט מען, זענען דאָ פיל יאַגדעס. מע וועט זיך אויך מאַכן פייל־און־בויגן. מ׳ווייסט נאָך נישט גענוי אין וועלכן וואַלד מיר וועלן גיין, אין דעם קאָמאַראָווער אָדער דעם העלענאָווער? מ׳זאָגט, אַז דער העלע־

נאָווער וואַלד איז אַזוי גרויס, אַז מ׳זעט דאָרט נישט קיין סוף און מ׳קאָן לייכט פאַרבלאָנדזשעט ווערן.

די פּאַני באַשע ראָזענבלום פאַרשטערט אָבער אונדזער שמחה. זי זאָגט, אַז אויב דער „פּאַן בוג״ וועט געבן אַ רעגן וועלן מיר אַלע בלייבן זיצן אינ־דערהיים. אַז עס רעגנט ווערט מען אויסגעווייקט ווי אַ הערינג און דאָס קאָן די שולע נישט דערלויבן. זיצן מיר אין קלאַס אויף די בענק און שרייבן די „דיקטאַנדאַ״, וואָס די פּאַני באַשע דיקטירט אונדז. אָבער יעדע מינוט הייבן מיר אויף די קעפּ און קוקן אַרויס דורכן פענצטער אויפן הימל. דער הימל איז גרוי, פאַרוואָלקנט, און עס דוכט זיך, אַז אָט־אָט הייבט אָן צו רעגענען און אונדזער יום־טוב וועט פאַרשטערט ווערן.

די פּאַני באַשע לערנט אונדז פּויליש און רעדט נאָר פּויליש. איך האָב איר נאָך קיין מאָל נישט געהערט רעדן יידיש. איר טאַטע, ר׳ גוטמאַן ראָזענ־בלום, איז דווקא אַ פרומער ייד, אַ גביר, מיט אַ סקלאַד און צוויי הייזער, און רעדט דווקא יידיש מיט אַלעמען. איז פאַרוואָס קען זיין טאָכטער נאָר פּויליש?

לעבן מיר, אויף דער באַנק, זיצט רייזל האָבערמאַן. זי האָט אַ לאַנגן צאָפּ און צוויי פולע באַקן. איך גיב איר אַ שטויס מיטן עלנבויגן.

„זאָג מיר, רייזל, די פּאַני באַשע פאַרשטייט יידיש?״.

רייזל קוקט מיך אָן מיט אַ שפּאַטישן געלעכטער און פאַרקרימט זיך.

„ערשטנס, רופט מען מיך רוזשקאַ און נישט רייזל! און די פּאַני באַשע איז געלערנט און אינטעליגענט און דערפאַר רעדט זי נאָר פּויליש״.

„אָבער״ — זאָג איך — „דער לערער איז דאָך אויך געלערנט און אינטע־ליגענט און פאַרוואָס רעדט ער נאָר יידיש?״.

„איי״ — גיט רייזל אַ זאָג — „דו האָסט אַ קאָפּ פון אַן אייזל און פאַר־שטייסט גאָרנישט״.

„און דו האָסט אַ קאָפּ פון אַ כילאָק״ — ענטפער איך איר בייזערהייט.

זי גיט מיר אַ שטויס אין דער זייט. איך וויל איר צוריקגעבן, אָבער איך זע, אַז די לערערין שטייט ביי דער טאַבליצע און שרייבט עפּעס אַרויס פון אַ בוך מיט קאַליגראַפיש־שיינע בוכשטאַבן, וואָס מיר דאַרפן נאָכשרייבן.

מיר האָבן נאָך אַ לערערין, די פּאַני קירשענבוים, וואָס לערנט אונדז אַריטמעטיק. זי רעדט אויך נאָר פּויליש. זי איז זייער אַ שיינע. הויך, מיט בלאָנדע האָר, בלויע אויגן און שניי־ווייסע ציין. זי טראָגט אַ געפּאַסט ווייס קליידל און עס שמעקט פון איר מיט פּאַרפיום. זי איז זייער אַ שטרענגע. אויף אירע לעקציעס איז זייער שטיל אין קלאַס און מע מוז זיצן שטייף אויף די בענק. דעם חשבון מוז מען גוט אויסרעכענען. אַנדערש קאָן מען קריגן אַ „דוואָיקע״, אָדער אַפילו אַ „יעדינקע״.

אָט שטייט זי ביי דער טאַבליצע און דיקטירט אונדז אַ חשבון פון פּלוסן און מינוסן. מיר זיצן שטיל און שרייבן אין די העפטן. איך באַמערק, ווי רייזל שטעקט אַרויס אַ האַלבע צונג ביים שרייבן. זי טינקט איין די פעדער אין דעם

טינטער. אַ טראָפּן פאַלט אַרונטער אויף איר העפט. זי גיט אַ שאָקל די פעדער און באַשפּריצט אויך מיין העפט מיט טינט. איך דערלאַנג איר אַ שטויס און זי גיט מיר באַלד צוריק מיט אַ קניפּ אין דער האַנט און שרייט אויס: „אָשאָל!". איך גיב איר אַ ציִ ביים צאָפּ. זי וויל מיר דערלאַנגען צוריק, נאָר דאָ גיט אַ שפּרינג צו די לערערין מיט אַ געשריי אויף מיר:

„דו, לאָבוז איינער, צעפּ ווילסטו רייסן בעת דער לעקציע?".

„אָבער, פּראָשען פּאַני" — בעט איך זיך — „זי האָט דאָך מיך באַשפּריצט מיט טינט!".

„קיין איין וואָרט מער! שטעל זיך אַוועק אין ווינקל!".

בעת דער פּויזע רופט מיך אַריין דער לערער קאָזשעבראָצקי אין דער קאַנצעלאַריע.

„נישט שיין פון דיר" — מוסרט ער מיך — „מען טאָר נישט שטערן אין דער צייט פון דער לעקציע. דו דאַרפסט הערן וואָס די לערערין זאָגט און נישט רייסן קיין צעפּ".

„אָבער, לערער" — פאַרטיידיק איך זיך — „זי האָט מיך באַשפּריצט מיט טינט!".

„יאָ, אָבער נישט פון בייזן. דו מוזט מיר צוזאָגן, אַז מער וועט עס נישט טרעפן".

פאַרן לערער האָט מען דרך־ארץ. איך זאָג אים צו צו זיין גוט און ער שיקט מיך אַרויס שפּילן אויפן הויף.

*

ל״ג־בעומר זענען מיר געקומען זייער פרי אין שולע אַריין. דער פרי־מאָרגן איז געווען אַ טריבער און דער הימל — פאַרוואָלקנט. ס׳האָט אויס־געזען, אַז אָט־אָט הייבט אָן צו רעגענען און מיר וועלן זיך צוריקקערן אַהיים. די פּאַני באַשע איז געקומען מיט אַ רעגנמאַנטל אין האַנט. מיר רינגלען זי אַרום מיט בעטנדיקע אויגן און ווילן פון איר וויסן וואָס עס וועט זיין. זי הייבט מיט די אַקסלען און ווייזט אויפן הימל.

„דער „פּאַן־בוג" ווייסט וואָס עס וועט זיין. אויב עס רעגנט איז זייער נאַס אין וואַלד און עס איז אַפילו נישטאָ ווו זיך אויסצובאַהאַלטן".

אָבער אָט קומט אָן דער לערער און מיר לויפן אים אַנטקעגן מיט פרעגנ־דיקע פּנימלעך. ער שטעלט זיך אָפּ, שפּאַרט זיך אָן אויף זיין שטעקן און שמייכלט מיט זיכערקייט.

„זיכער וועלן מיר גיין. ל״ג־בעומר איז נאָר איין מאָל אין יאָר. און אויב עס וועט אַ ביסל רעגענען איז אויך נישט געפערלעך. קינדער דאַרפן זיך פאַרהאַרטעווען".

עס קומט צו פאָרן כיליאַק מיט אַ פערד און וואָגן. די פּאַני קירשענבוים שטעלט אונדז אויס אין אַ ריי אין צווייען און מיר מאַרשירן אַרויס אין דער ריכטונג פון דער לאָנקע. דער לערער גיינט נאָך אַ ביסל הינקנדיק אויף זיין

שטעקן. נעבן דעם קאַשטשאַל פאַרהאַלט זיך דער וואָגן און ער גייט אויף אים אַרויף.

דער הימל האָט זיך אויסגעלייטערט. די זון־שטראַלן האָבן זיך רחבותדיק צעלייגט אויף די ברייטע פעלדער, וואָס האָבן געצייטיקט מיט קאָרן, ווייץ און גערשטן. מיר מאַרשירן און הייבן אָן זינגען דאָס ל״ג־בעומר־ליד „היערה, היערה, בקשת וחץ״, וואָס דער לע־ער האָט אונדז געלערנט אין דער שולע. די פייגעלעך באַגלייטן אונדזער געזאַנג מיט אַ טרעלנדיקן טשווישטשען און פון דער ווייטנס טראָגט זיך אַנטקעגן דאָס רעגלמעסיקע קול פון אַ קוקאַווקע: קו־קו! קו־קו!...

מיר מאַרשירן פאַרביי די „גלינקעס״, ברייטע טיפע וואַסערן, ווו מען באָדט זיך זומער־צייט. פיל מענטשן זענען שוין דאָרט דערטרונקען געוואָרן. איך דערמאָן זיך פלוצלינג יענעם פרייטיק, ווען די מאַמע פון איצקאָפּ איז געלאָפן איבער די גאַסן מיט צעשויבערטע האָר און געשריגן מיט פאַרצווייפלונג: „ידן, האָט רחמנות, ראַטעוועט מיין זון! ער ט־ינקט זיך אין די גלינקעס!״ און ידן זענען געלאָפן אַהין דורך די פעלדער. איך בין זיי נאָכגעלאָפן און געזען, אַז די ברעגעס אַרום זענען פול מיט מענטשן און אַלע קוקן אויף די צוויי בערדיקע קעפּ, וואָס זענען געשווימען אין וואַסער און געזוכט. דאָס זענען געווען, איטשע דער חלב־ייד און יעקב מנקר. יעדעס מאָל, ווען זיי לאָזן זיך אונטערן וואַסע־, דוכט זיך, אַז מע וועט זיי שוין מער נישט זען. אָבער באַלד קומען זיי ווידער אַרויף, איינגעאָטעמט לופט, און ווידער אַרונטער זוכן. און די גאַנצע צייט שטייט איצקאָפּס מאַמע ביים ברעג און וויינט און יאָמערט. נאָך איניקע פרוון, גייען ביידע ידן אַרויס און אָטעמען שווער. די ידענע רייסט זיך אַרויס און וויל אַריינשפּרינגען אין וואַסער, אָבער מ׳האַלט זי אָפּ מיט כוח.

גייענדיק אַזוי, זע איך פאַ־ מיר יענץ בילד. פלוצלינג גיט די פאַני באַשע אַ שפּרינג צו צו מיר.

„וואָס האָסטו זיך אַזוי „פאַרגאַפיעט״? זע נאָר, אַלע קינדער זינגען און דו האָלטסט דאָס מויל פאַרמאַכט״.

איך מאַך זיך זינגען אָבער מיינע אויגן קוקן אין דער זייט. אָט זעט מען דעם רויטן פּאַרקן פון דעם בית־הקברות, ווו מ׳האָט איצקאָפּן קובר געווען...

אָבער אָט זעט מען שוין די הויכע סאָסנע־ביימער פון דעם קאָמאַראָווער וואַלד. די לערערין פאַ־האַלט אונדז ביים אַריינגאַנג און באַפעלט אונדז זיך האַלטן צוזאַמען און נישט אַוועקגיין, ווייל מ׳קאָן דאָ פאַרבלאָנדזשעט ווערן. מיר גייען אַריין. עס איז דאָס ערשטע מאָל, וואָס איך בין אין וואַלד. די טונקלקייט שרעקט מיך, אָבער די טרוקענער ריח פון די סאָסנע־ביימער פאַרשיכורט מיך מיט פרישקייט.

דער לערע־ הייסט אונדז זיצן אין אַ קרייז זיך אָפּרוען. שפּעטער הייבט ער אָן אונדז דערציילן וועגן ל״ג־בעומר, בר־כוכבא און רבי שמעון בר־יוחאי.

פלוצלינג, אין מיטן פון דער דערציילונג, דערנענטערט זיך צו אונדז אַ הויכער, ברייטפּלייציקער ייד מיט אַ שוואַרצע באָרד און שמייכלענדיק באַגריסט ער דעם לערער. ער זעצט זיך נעבן אונדז און הערט זיך איין, וואָס דער לערער דערציילט. ווען דער לערער פאַרענדיקט, נעמט דער ייד אַרויס אַ בייטל מיט זיסוואַרג און הייבט אָן פאַרטיילן צווישן די קינדער. באַלד האָט ער גענומען די פור מיטן פערד און איז פאַרשווונדן געוואָרן צווישן די ביימער. ס׳האָט לאַנג נישט געדויערט און ער איז צוריק געקומען מיט קאַנען מילך, פרישע זעמל און געקאָכטע אייער און אָנגעהויבן עס פאַרטיילן.

מיר אַלע זענען נייגעריק געווען ווער עס איז דער גוטער ייד. די לערערין האָט אונדז דערציילט, אַז ער הייסט יעקב און וווינט אין דאָרף קאָמאַראָוו, איין ייד צווישן פיל פויערים, אויף יענער זייט פון וואַלד. דעם גאַנצן טאָג איז ער געווען מיט אונדז, געשפּילט זיך מיט אונדז צווישן די ביימער און געמאַכט אונדז פייל־און־בויגנס. און ווען מיר האָבן זיך אויסגעשטעלט אין אַ ריי צו מאַרשירן אַהיים, האָט ער אונדז באַגלייט אַ שטיקל וועג און אָנגעזאָגט ווידער צו קומען איבעראַיאָר ל״ג־בעומר אין קאָמאַראָווער וואַלד. מיר האָבן אים צוגעזאָגט, און פול מיט איבע־לעבונגען מאַרשירט אין שטאָט אַריין מיט געזאַנג.

ש. קאַרטשעווער

## פּרושקאָווער קצבים

אַן אומגעצוימטער פאַרלאַנג האָט מיך באַהערשט תמיד מיטצוגיין מיט מיין פאָטער אין שעכטהויז. איך פלעג הערן ביי אונדז אין יאַטקע ווי קצבים שמועסן זיך דורך וועגן דעם שעכטן פון קי, אָקסן, שעפּסן, קעלבער, און ביי מיר האָט זיך געפּלאָנטערט די פראַגע מיט נייגער: ווי אַזוי שעכט מען עס קי און קעלבער און פאַר־וואָס שעכט מען זיי?

יעדן דאָנערשטיק, נאָכן ערשטן פון חודש, פלעגט זיין ביי אונדז אַ גרויסער יאַריד און דער מאַרק־פּלאַץ קעגנאיבע־ ערנרייכס פאַיאַנס־פאַבריק פלעגט פול ווערן מיט קי, אָקסן, קעלבער, פערד אויף איין זייט פון מאַרק און פון דער צווייטער זייט שורות פון סטראַגאַנעס מיט שטאָף, שיך, שפּילצייג, נאַשערייען. שוין פאַרטאָג זענען פויערים פון די אַרומיקע דערפער געקומען מיט פולע וואָגנס קאַרטאָפל, קרויט, בוראַקעס און מייערן. טייל האָבן געטריבן פאַרויס בהמות און חזרים. און אַלץ האָט געשטראָמט צום מאַרק־פּלאַץ.

די גאַסן פון שטאָט ווערן פול מיט רעש און געפּילדער; די פערד הירזשען, די קי מעקען, די חזרים קוויטשען, סוחרים און קונים לויפן פון אַלע זייטן; די געשעפטן ווערן געעפנט גאָר פרי.

מיין טאַטע שטייט אויף שוין פאַרטאָג. ער דאַווענט אָפּ שנעל, כאַפּט אַריין אַ גלאָז הייסע טיי און צוזאַמען מיט זיין שותף, לייב קאַגוט, לויפט ער צום יאַריד. איך וויל זייער שטאַרק זיי נאָכלויפן. איך האָב ליב צו זען ווי די קצבים דינגען זיך מיט די פויערים. יצום ערשטן באַטאַפּט מען ביי דער בהמה די ביאָדרע, דעם פעדערהאַלדז, דאָן די זאַדניע. דער קצב מוז האָבן אַ געניט אויג אָפּצושאַצן די קו און איר וואָג. פון דעם איז אָפּהענגיק צי מ׳וועט פאַרדינען אָדער נישט ביי דעם דאָזיקן מסחר. דער פויער וויל אַ הויכן פרייז און דער קצב וויל, פאַר־שטענדלעך, אַראָפּדינגען. מ׳דינגט זיך לאַנג, מ׳קלאַפּט זיך אין די הענט, ביז מ׳קומט אַדורך.

אָבער ווי קום איך צום יאַריד, אַז פונקט אַכט אַזייגער אין דער פרי מוז איך שוין זיין אין דער שולע. די לערערין, באַשע ראָזענבלום, איז זייער אַ שטרענגע. איך בין שוין נישט איין מאָל געשטאַנען אין ווינקל מיטן פּנים צו דער וואַנט אַלס שטראָף פאַר פאַרשפּעטיקן זיך. דער לערער קאָזשעב־אָצקי איז שוין אַ בעסערער. ער באַשטראָפט נישט, נאָר גיט צו פאַרשטיין אין אַזאַ נאָענטע שפּראַך, אַז עס ווירקט. מ׳האָט אים ליב און מ׳האָט פאַר אים דרך־ארץ. איך האָב דעריבער באַשלאָסן, אַז איך וועל צום יאַריד נישט גיין, נאָר דערפאַר וועל איך נאָך מיטאָג לויפן אין שעכטהויז און זען וואָס מ׳טוט דאָרט.

צוריקקומענדיק פון דער שולע האָב איך שוין געטראָפן אויפן הויף צוויי קי צוגעבונדן צום שטאַל און אויפן אויסגעשפּאַנטן וואָגן, אויף געבעט שטרוי ליגן צוויי קעלבלעך און מעקען. איך בין שנעל אַריינגעלאָפן אין דער יאַטקע און שטיק געבליבן נעבן מיין טאַטן.

„טאַטע, איך וויל מיטגיין אין שעכטהויז".

„וואָס! אין שעכטהויז אַריין? איך נעם אַראָפּ דעם פּאַסיק, וועסטו האָבן אַ שעכטהויז. און אַז אָך און ווי צו דיר אויב דו וועסט אונדז נאָכלויפן!"

„לאָז אים מיטגיין, וואָס אַרט עס דיך" — רופט זיך אָפּ דער שותף, לייב קאַגוט, שאַרפנדיק דעם מעסער אין אַ שטאָל.

„מיש זיך נישט אַריין" — בייזערט זיך מיין פאָטער — „דו ווייסט דען וואָס פאַר אַ צרות איך האָב פון אים? די שקאָלע קאָסט געלט און ער מאַכט נישט די לעקציעס. אַ פויער וועט פון אים אויסוואַקסן. גאַנצע טעג לויפט ער אַרום און שפּילט אין פוטבאָל. ער צעררייסט איך פאַר שיך נאָך די אַנדערע. אַפילו שבת לויפט ער אַרום און קאַפּעט די פּילקע".

„אָ, דאָס איז נישט גוט — זאָגט צו מיר לייב — שבת טאָר מען נישט. עס איז אַן עבירה. דו ווייסט וואָס מע קריגט דערפאַר אויף יענער וועלט?"

„אוי, איך האָב שוין פון אים דאָס גיהנום אויף דער וועלט. ווען דוד „מזיק"

פּאַקט אים יענע וואָך וואָלט ער אים דערהרגעט אויפן אָרט. איצט גייט ער נאָך מיך „סקאַרזשען“ אין געריכט!“ — שרייט אויס מיין פּאָטער.

„וואָס איז געשען?“ — פרעגט שוין לייב נייגעריק.

„ער האָט געוואָרפן שטיינער אויף זיינע טויבן און איין שטיין האָט פּונקט געטראָפן דוד מזיקן אין קאָפּ אַריין. ער איז באַלד אַראָפּגעשפּרונגען פון דאַך און אָנגעהויבן אים יאָגן. אַ מזל, וואָס ער האָט אים נישט געקענט דעריאָגן“.

„אָבער איך האָב אים נישט געוואָלט טרעפן מיטן שטיין, נאָר איבערשרעקן די טויבן, אַז זיי זאָלן אַוועקפליען“ — בין איך זיך מודה.

„פאַרוואָס עפּעס?“ — פרעגט לייב קאָגוט.

„ווייל ער כאַפּט פרעמדע טויבן, און זיין ווייב, גוטקע, האַקט זיי אָפּ די קעפּלעך און קאָכט זיי אָפּ. איך האָב אַליין געזען ווי זי ציפּט די פעדערן פון די טויבן. איך האָב איר געזאָגט, אַז עס איז אַן עבירה, האָט זי זיך נאָך געריצט, אַז יעדעס מאָל מאַכט זי אַ יויך פון דריי טייבעלעך און עס איז זייער געשמאַק“.

„אַזוי גאָר? — וואונדערט זיך ר׳ לייב — זי האַקט אָפּ די קעפּלעך פון פרעמדע טויבן? אָבער ווי האָט עס דוד מזיק צייט צו כאַפּן טויבן? ער איז דאָך אַ שוסטער און אַרבעט דעם גאַנצן טאָג?“

„ער זיצט ביי אַן אָפענעם פענצטער, קלאַפּט מיטן האַמער און קוקט אין הימל אַריין. ווי נאָר ער דערזעט אַ פרעמדע טויב, וואַרפט ער אַוועק דעם שוך און שפּרינגט צו דער טויבן־בודע און יאָגט אַרויס זיינע טויבן. ער נעמט דאַן אַ לאַנגן דינעם שטעקן און פאָכעט מיט אים. די טויבן פליען אַרום דעם הויף, העכער און העכער, און די פרעמדע טויב מישט זיך אויס מיט זיי. דאַן שפּרינגט דוד אַראָפּ פון דאַך, וואַרפט אַוועק דעם שטעקן און נעמט פייפן שטילערהייט און שיטן גערשטן אויפן דאַך. די טויבן קומען צוריק און הייבן אָן פּיקן דעם גערשטן און צווישן זיי אויך די פרעמדע טויב. דוד מזיק פייפט ווייטער שטילערהייט און שיט גערשטן נענטער און נענטער צום אָפענעם טירל פון דער בודע. די טויבן שפּרינגען אַריין אין דער בודע און די פרעמדע טויב נאָך זיי. דאַן גיט ער אַ פאַרקלאַפּ דאָס טירל און די טויב איז שוין ביי אים אין האַנט. ער הייבט אָן רופן: גוטקע, גוטקע, קום אַהער, נאַדיר אַ טויב און האַק איר אָפּ דאָס קעפּל...“

„נישט גוט, נישט גוט“ — קראַצט זיך ר׳ לייב אין קאָפּ — „נעבעך אַ רחמנות אויף אַ טויב. און דערפאַר האָסטו אים געוואָרפן אַ שטיין אין קאָפּ?“

מיין טאַטע רייסט איבער: „וואָס איז עס דיין עסק? עס זענען דען דיינע טויבן?“

„ווייסט זען וואָס איך וועל טאָן“ — שריי איך אויס — „איך וועל נאָך צובינדן אַ שטריקל צום לייטער. ווען דוד מזיק וועט אַרויפקריכן אויפן דאַך, וועל איך געבן אַ צי און ער וועט צעברעכן דעם קאָפּ!“

„אוי, געוואַלד, אַן אומגליק צו מיר — שרייט מיין טאַטע — דוד מזיק איז דאָך אַ באַנדיט! ער קען דאָך אַפילו שטעכן אַ מענטש! איך וועל דיך אָנלערנען,

דו ממזר איינער״ ער גיט אַ קלאַפּ איבערן בופעט, כאַפּט אַראָפּ זיין פּאַסיק און גיט מיר אַ שמיץ איבער די פּלייצעס.

„שלאָג אים נישט״ — נעמט זיך אָן ר׳ לייב — „ער וועט שוין מער זיך נישט טשעפּען מיט דוד מזיקן. ער וועט דיך שוין פאָלגן״.

די פּלייצע טוט מיר ווי אָבער איך וויין נישט, נאָר איך בעט זיך ביי אים „טאַטע, וועסט זען איך וועל דיך פאָלגן. נאָר איצט נעם מיך מיט אין שעכטהויז״.

„אַהיים זאָלסטו גיין. איך וועל דיך היינט אָנלערנען, אַז דו וועסט מיך האָבן צו געדענקען!״. איך לויף אַרויס פון דער יאַטקע. איך האָב מורא ווידער צו קריגן איבער דער פּלייצע.

אין דרויסן ווערט שוין שטילער. די פּויערים צעפאָרן זיך אין זייערע דערפער. דאָס קלאַפּן פון די רעדער אויפן שטיינערנעם ברוק מישט זיך אויס מיטן קוואַקען פון די הינער און דאָס קוויטשען פון די חזרים. קולות הערן זיך פון הענעק בראָוועס קרעטשמע. איבערוועלכער עס הענגט אַ גרויסער שילד מיטן אויפשריפט „רעסטאַוראַציאַ״. פון דער קרעטשמע קומען אַרויס פּויערים און שפּרייזן מיט וואַקלענדיקע טריט, וויגנדיק זיך ביים גיין אַזוי ווי די וועלט וואָלט זיך געשאָקלט. אָט גייען צוויי פּויערים, האַלטן זיך ביי די אָרעמס און זינגען מיט שיכורע קולות. נאָך זיי גייט נאָך אַ שיכור. ער שרייט, דראָט מיט די פויסטן און זידלט עמעצן אין דער מאַמען אַריין. פּלוצלינג גיט ער זיך אַוואַקל, פאַלט אַריין אין רינשטאָק און הייבט אָן צו ברעכן. עס פאָרט אָן אַ וואָגן געשפּאַנט אין צוויי פערד און פאַרהאַלט זיך נעבן אים; עטלעכע פּויערטעס גייען אַראָפּ, הייבן אים אויף און שליידערן אים אין וואָגן אַריין.

איך שטיי ביים טויער פון אונדזער הויף און קוק זיך איין. אָט גייט פעלעק „מאָדער״ און טרייבט עטלעכע בהמות אין שעכטהויז אַריין. איך וויל מיט־לויפן און העלפן אים, אָבער איך האָב מורא פאַר דעם טאַטנס פּאַסיק. אין הויף זע איך, ווי דוד מזיק שטייט אויפן דאַך מיט אַ לאַנגן שטעקן; ער פאָכעט צו די טויבן, וואָס פליען אַרום אין דער הייך. זיינע שפּיזיקע בליקן פאַרהאַלטן זיך אויף מיר מיט פאַרדאַכט. ער קוקט צי איך האַלט נישט קיין שטיין אין האַנט. עס דוכט זיך מיר, אַז אָט־אָט, שפּרינגט ער אַראָפּ פון דאַך און הייבט אָן מיך יאָגן. איך לויף שנעל אַרויף אין דער שטוב און קוק אַרויס דורך דעם פענצטער אין גאַס אַריין.

פון פענצטער זע איך חיים־יונהן דעם בעל־עגלה. ער שפּאַנט איין זיין גניאַדע פערד און גיט אים צו עסן אַן אָבראָק געמאַכט פון קלייען און סעטשקע. דערנאָך נעמט ער אַ נאַסע שמאַטע און וואַשט אַרום דעם וואָגן, וואָס איז אַרומגעקלאַפּט מיט בלעך. אָט באַלד וועט ער פאָרן צום שעכטהויז, כדי צו ברענגען דאָס פליש פון די געשאָכטענע בהמות אין די יאַטקעס פון די קצבים.

חיים־יונה איז אַ הויכער ייד, מיט אַ שיטער, שפּיציק בערדל. זיין רעכטער פוס איז אַ ביסל אויסגעדרייט און ער הינקט אונטער ביים גיין, וויגנדיק זיך אין דער ברייט צוליב זיין שיטערער באָרד רופט מען אים דאָס „קאָזע־בערדל״.

מ׳האָט אים ליב, ווייל ער איז גוטמוטיק און קאָן נישט הרגנען קיין פליג. קצבים זאָגן, אַז מען קאָן אים אָנפּאַרטרויען נישט-געציילט געלט.

אין די פריערדיקע יאָרן איז ער געווען אַ „מקווה-ייד״, געוווינט אין אַ שטיבל אויפן שול-הויף נעבן דער מקווה. פּלוצלינג איז אים זיין פרוי געשטאָרבן און ער איז געבליבן אַן אַלמן מיט אַ קליין מיידעלע, ברײַנדל, וואָס האָט שטענדיק געוויינט און גערופן דער מאַמען. חיים-יונה האָט אָנגעהויבן קומען אין מיין טאַטנס יאַטקע און געקלאָגט מיט ביטערע טרערן, אַז ער וויל מער נישט זיין קיין מקווה-ייד, ווייל פון דעם האָט ער נישט קיין פרנסה און וויל מער נישט וווינען אין דעם שטיבל וווּ זיין ווייב איז געשטאָרבן; ער האָט נישט ווער עס זאָל עפּעס אָפּקאָכן פאַרן קינד...

קצבים האָבן זיך צוגעהערט, דורכגעשמועסט זיך וועגן דעם און באַשלאָסן, אַז מען מוז חיים-יונהן „שטעלן אויף די פיס״. פון שטעטל טאַרטשין האָט מען אים געשדכנט אַ גרושה, פייגע, וואָס האָט נישט געהאַט קיין קינדער. מ׳האָט זיי געדונגען אַ דירה, מ׳האָט אויך צונויפגענומען אַ ביסל געלט און אים געקויפט אַ וועגעלע צו פירן פלייש פונעם שעכטהויז. „אַ פערדל וועסטו שוין קויפן, ווען דו וועסט זיך דאַראָביען״ — האָט אים פּיוויש קצב אַ זאָג געטאָן׳

האָט זיך חיים-יונה איינגעשפּאַנט: צוגעפּעסטיקט אַ גראָבן שטריק צום פאָדערשטן טייל פון וואָגן, דעם צווייטן עק פאַרוואָרפן איבערן אַקסל, גענומען דעם דישעל און געשלעפּט דאָס וועגעלע. נאָר קצבים האָבן נישט געלאָזט אים שלעפּן אַליין און יעדעס מאָל, ווען דאָס וועגעלע איז געווען פול אָנגעלאָדנט, האָט מען צוגעלייגט אַ האַנט, אונטערגעשטופּט אַ ביסל, עס זאָל אים זיין גרינ־גער. און פאַר יעדער בהמה, וואָס ער האָט געפירט פון שעכטהויז, האָט ער באַקומען אַ זלאָטע, מיט אַ שטיקל פלייש אַלס צולאָג.

יעדעס מאָל, ווען איך פלעג זעען חיים-יונהן שלעפּן דעם וואָגן, פלעג איך צולויפן און העלפן אים שטופּן. חיים-יונה איז פון מיר צופרידן געווען און איין מאָל גיט ער מיר אַ זאָג: ״דו פאַרדינסט דיר טאַקע אַ מצווה, העלפנדיק מיר. נאָר וואַרט, אין גיכן קויף איך אַ פערדל מיט אַ גרויסן וואָגן און איך וועל דיך לאָזן מיטפאָרן מיט מיר און האַלטן די לייצעס״.

און איצט האָט שוין חיים-יונה אַ גניאַדע פערדל מיט אַ גרויסן וואָגן. און איך זע דורכן פענצטער ווי ער גרייט זיך צו פאָרן אין שעכטהויז. איך לויף שנעל אַראָפּ פון שטוב און לאָז זיך צו אים. „חיים-יונה, חיים-יונה, כ׳וויל מיטפאָרן!״

ער גיט אויף מיר אַ קוק פון אונטער די ברעמען און קראַצט זיך אין זיין שיטערן בערדל: „איך האָבן מורא, אַז דיין טאַטע וועט זיך בייזערן אויף מיר״.

„חיים יונה״ — זאָג איך — „איר האָט דאָך מיר צוגעזאָגט, אַז ווען איר וועט קויפן דעם פערד וועט איר מיך לאָזן מיטפאָרן און איך וועל קענען אויך האַלטן די לייצעס״.

ער גיט אַ מאַך מיט די לייצעס. „נו, מילא, געזאָגט איז געזאָגט. קריך אַרויף און וואָס ס׳וועט זיין, וועט זיין״.

מיט איין שפרונג בין איך שוין אויפן וואגן. חיים־יונה גיט אַ שמיץ און דאָס פערדל לאָזט זיך אין גאַלאָפּ. מיר פאָרן פאַרביי דעם קאַשטשאָל און פאַר־קירעווען אויף רעכטס מיטן זאַמדיקן שליאַך. עס הייבט אָן צו טריפן אַ רעגן. חיים יונה נעמט אַ פלאַנדעקע און מירביידע וויקלען זיך אַרום.

„זעסטו" — זאָגט ער צו מיר — „איך האָב דיר געזאָגט, אַז דו זאָלסט נישט מיטפאָרן. ווסעט ווערן נאַס. נו, האָט עס דיר געלוינט?"

אָבער אָט קומען מיר צום שעכטהויז. מיר פאָרן אַריין אין אַ גרויסן הויף, וואָס איז אַרומגעצוימט מיט אַ הילצערנעם פּאַרקאַן. אין ווינקל שטייען בהמות, צוגעבונדן ביי די הערנער און מעקען. דאָס שעכטהויז גופא איז אַ הויכע גע־ביידע פון רויטע ציגל מיט אַן אייזערנעם טויער ביים אַריינגאַנג. איך שפּרינג אַראָפּ פון וואָגן. איך האָב מורא, אַז דער טאַטע זאָל מיך נישט דעריזען און איך שלייך זיך נעבן דער וואַנט. פון אינעווייניק טראָגט זיך אַגרויס געפּילדער. איך דערזע פּיניע פּאַך אין אַ בלוט־באַפלעקטן פאַרטעך. ער שלעפּט אַ קו אין בנין אַריין. די קו וויל נישט גיין און מעקעט. מאַנעס זאַלצמאַן לויפט צו, גיט איר אַ דריי ביים ווידל און די קו לויפט אַריין אין שעכטהויז.

איך גיי אויך אַריין. אַ דעמפּיקער ריח פון פלייש און בלוט גיט מיר אַ קיצל אין נאָז. אַרום ליגן געשאָכטענע בהמות. קצבים שטייען אַרום און שינדן די פעל. די „פּאָסאַדסקע" איז פול מיט בלוט, און דער סטרוזש, מיט אַ בעזעם אין האַנט, קערט עס צו צום רינשטאָק ביי דער וואַנט. טייל בהמות הענגען שוין אויף די ווינדעס מיט אויפגעשניטענע בייכער. אויף די נאַרעס, אין מיטן, ליגן נאָך לעבעדיקע קעלבער מיט געבונדענע פיס און מעקען.

פּיניע פּאַך גיט אַ פאַרדריי די שטריק אויף די הערנער פון דער קו. דעם צווייטן עק בינדט ער צו צו אַן אייזערנעם רינג. דערנאָך נעמט אַ צווייטן שטריק און בינדט אַרום די פיס פון דער קו. מיין פעטער שמואל העלפט אים צו האַלטן די קו ביז זי איז פאַרקניפּט פעסט פון אַלע זייטן. דאַן גיט פּיניע אַ געשריי:
„הערש־יעקב, הערש־יעקב, די קו איז געבונדן, קומט אַהער שעכטן!"

די קו מעקעט ביטערלעך און איך שטיי פאַרגאַפט און קוק. איך דערזע ווי דער שוחט דער־נענטערט זיך מיט אַ גלאַנציקן, לאַנגן מעסער. איך קאָן מער זיך נישט איינהאַלטן און איך שטעל זיך אים אין וועג.

„הערש־יעקב, שעכט זי נישט. כ'בעט אייך, שעכט נישט!"

ער בלייבט שטיין צעטומלט. „וואָס? וואָס ווילסטו? כ'זאָל נישט שעכטן? פאַרוואָס זאָל איך נישט שעכטן?"

„הערש־יעקב, שעכט זי נישט, וואָס האָט זי געזינדיקט? פאַרוואָס קומט איר עס? כ'בעט אייך, איר זענט דאָך אַזאַ גוטער!"

הערש יעקב קוקט אויף מיר מיט אַ וואַרעמען קוק. אַ שמייכל צעלייגט זיך אויף זיין פּנים. אין זיין ווייסער באָרד אַריין. „ביסט אפשר גערעכט... די קו האָט טאָקע נישט געזינדיקט. כ'וועל נישט שעכטן". און מאַכט, כלומרשט, עטלעכע טריט אויף צוריק מיטן חלף אין האַנט.

פיניע שטייט איינגעבויגן און האַלט פעסט די קי. ער זעט ווי דער שוחט דערווייטערט זיך און הייבט אָן צו שרייען.

„הערש־יעקב, ווי לאַנג וועל איך אַזוי שטיין איינגעבויגן און האַלטן דעם קאָפּ? כ׳וועל דאָך קריגן אַ הויקער״.

דער שוחט ווייזט אויף מיר. „ער לאָזט מיך נישט שעכטן און ער איז דאָך אויך געדעכט. עס איז אַ רחמנות אויף דער קו״.

„משה! משה!״ — שרייט פיניע „דערבאַרעם זיך, קום אַהער, ער לאָזט דאָך נישט שעכטן״. מיין טאַטע לויפט צו, דערזעט מיך און כאַפּט מיך פאַר דער האַנט.

„וואָס? דו ביסט געקומען אַהער? ווי אַזוי ביסטו געקומען אין שעכטהויז אַריין?

איך שטיי אַ צעשראָקענער, אָט באַלד נעמט דער טאַטע אַראָפּ דעם פּאַסיק.

„איך, איך בין מיטגעפאָרן מיט חיים־יונהן, אויפן וואָגן״.

„חיים־יונה!״ — שרייט אויס דער טאַטע — „ווער האָט דיר דערלויבט אים מיטצונעמען אין שעכטהויז אַריין?״

חיים־יונה קראַצט זיך אין זיין בערדל און שטייט ווי אַ שולדיקער.

„ער האָט זיך דאָך אַזוי געבעטן, האָב איך אים מיטגענומען״.

„איז ווער איז עס זיין טאַטע, דו צי איך?״

„יאָ, יאָ, ביסט גערעכט, כ׳וועל אים שוין מער נישט מיטנעמען אַהער״.

מיין טאַטע שטייט מלא כעס. „אַהיים זאָלסטו גיין, דו שייגעץ״ און גרייט זיך אַראָפּצונעמען דעם פּאַסיק. נאָר דאָ גייט צו לייב קאַגוט און פרובירט אים באַ־רויקן.

„שלאָג אים נישט, משה, לאָז אָפּ. ווי קאָן ער איצט גיין? עס רעגנט דאָך דרויסן״.

מיין טאַטע גיט אַ קוק און זעט ווי עס פּאַלט אַ רעגנדל. ער פירט מיך צו צו אַ ווינקל, ביי דער וואַנט, און באַפעלט מיר: „דאָ זאָלסטו שטיין ביז איך וועל פאַרטיק ווערן. כ׳וועל דיך שוין אָנלערנען אין דער היים צו פאָלגן אַ טאַטן״.

„משה, קום שוין, מע דאַרף אַראָפּשינדן די פעל״ — שרייט צו אים ר׳ לייב און גיט מיר אַ ווינק ווי צו זאָגן „האָב נישט קיין מורא, כ׳וועל דיך נישט לאָזן שלאָגן״. איך בין דאַנקבאַר אים און פיל זיך צו אים נאָענט.

דערווייל גיט פיניע אַ דריי אַרונטער דעם קאָפּ פון דער קו. דער שוחט בייגט זיך אַרונטער מיטן חלף און מיט אַ פלינקן שניט איז עס שוין אין דעם האַלדז פון דער בהמה.. ס׳בלוט גיט אַ שפריץ, די בהמה גיט אַ צאַפּל, שמייסט מיט עק און פאַלט אַרונטער. איך פאַרשטעל זיך דאָס פּנים מיט די הענט, אָן איבלעניש כאַפּט מיך אַרום. דער שוחט בלייבט שטיין נעבן מיר און ווישט דעם חלף מיט אַ ווייסער שמאַטע און מאַכט מיט די הענט, אַז ער איז נישט שולדיק. ער ווייזט אויף פיניען און שמייכלט.

פיניע צעבייזערט זיך. „אַ חוצפּה פון אַ ייִנגל. קומט אַהער און לאָזט נישט שעכטן. איך וועל דיר נאָך ווייזן!" און ער דראָט מיר מיט זיין פויסט.

דערווייל שרייט שוין חיים קצב צום שוחט, ער זאָל קומען באַקוקן די לונג און לעבער, און גדליה וויל ער זאָל בודק זיין די קו און ר' הערש־יעקב דער־ווייטערט זיך פון מיר.

ביי מיר פּלאָנטערן זיך די געדאַנקען. ווי קומט עס צו דעם גוטמוטיקן הערש־יעקב צו האַלטן אַ חלף? ער איז דאָך אויך דער חזן, און זיין „כל־נדרי" איז דאָך אַזוי פיל מיט צער און האַרץ און דאָ שטייט ער גאָר און שעכט! און דער צווייטער שוחט, ר' שלמה הלל? פאַרוואָס טוען זיי עס?

איך דערזע, ווי ר' יעקב מנקר, מיט דער ברייטער באָרד, אָנגעטאָן אין אַ שפּאַנצער, שטייט ביי אַ ברייטן טיש און שניידט מיט אַ שאַרפן מעסער די לאַנגע קישקעס. און ער איז דאָך אויך אַ מלמד און לערנט מיט קליינע קינדער. עפּעס שטימט דאָ נישט. דאָס קליינע קעפּל פון אַ קינד פאַרשטייט עס נישט!

נאָר דאָ זע איך פּלוצלינג ווי חיים קצב ברענגט אַריין אַ קליין קעלבל צום שעכטן. ער וואַרט אויפן שוחט. נאָר יענער איז פאַרנומען ביי דער קו. לאָזט ער ליגן דאָס קעלבל און גייט דערווייל טאָן אַנדערע זאַכן. דאָס קעלבל ליגט און מעקעט. איך שטעל זיך אַוועק נעבן אים און הייב אָן צו גלעטן זיין פעל. איך זע אַז זיינע פיסלעך זענען געבונדן מיט אַ שטריקל. איך גיב שנעל אַ צי ביים שטריק. דער שלייף בינדט זיך אויף. דאָס קעלבל פאַלט אַרונטער, גיט זיך באַלד אַ שטעל אויף און שפּרינגט אַרויס פון שעכטהויז.

הערש־יעקב שטייט פון דער ווייטנס, קוקט זיך צו און שמייכלט. פיניע קוקט אויך און לאַכט. עפּעס גיט מיר אַ קלאַפּ אין האַרצן. איך פיל די סכנה. איך לויף אַרויס און בלייב שטיין ביי דער אַנדערער זייט פון דער טיר. חיים לויפט צו און זוכט דאָס קעלבל און איך לויף און זוך ווי זיך צו באַהאַלטן. דאָס קעלבל שפּרינגט אַרום אויפן הויף. חיים לויפט אַרויס, גיט עס אַ כאַפּ און שלעפּט עס אַריין אין שעכטהויז. עס איז אַ געטומל. פיניע לאַכט. חיים שרייט אויף מיין טאַטן. דער סטרוזש האָט מיך דערזען אין מיין באַהעלטעניש און ווייזט מיין טאַטן. דער טאַטע לויפט צו, כאַפּט מיך פאַר אַ האַנט, גיט מיך אַ כאַפּ ביים אויער און ציט מיך אַריין אינעווייניק.

דער שוחט בעט זיך שטילערהייט ביים טאַטן מיך נישט צו שלאָגן. אָבער דער טאַטע הערט אים נישט און שרייט: "חיים־יונה, חיים־יונה, וואָס האָסטו אים געברענגט אַהער? שוין זאָלסטו אים צוריק נעמען."

חיים־יונה פאַרעט זיך שוין ביים וואָגן, וואָס איז אָנגעפּילט מיט פלייש. ער קראַצט זיך ביים בערדל און בעט זיך: „בייזער זיך נישט, משה, אָט נעם איך אים צוריק. מער וועל איך אים שוין נישט מיטנעמען". איך קלעטער אַרויף אויפן וואָגן און מיר פאָרן.

*

פרייטיק ביינאַכט, נאָכן עסן, פלעגן טייל פרושקאָווער קצבים קומען צו

אונדז אין שטוב אַריין. מיין מאַמע פלעגט זיי מכבד זיין מיט טיי און קיכלעך. געקומען זענען חיים בראַנד און הערשל ליאַך, לייב קאָגוט און גדליה גאָלדע, לייבל איזראַעלעוויטש און פּיווּיש בראַנד. יעדעס מאָל, ווען די טיר האָט זיך געעפנט איז שוין מיין מאַמע גרייט געווען מיט אַ שטול פאַרן גאַסט און מיט אַ גלעזל טיי. מען איז געזעסן ביז שפּעט אין דער נאַכט און געשמועסט.

גערעדט האָט מען פון פּרנסה. ווער עס האָט געהאַט אַ גוטע וואָך און ווער איז אַריינגעפאַלן מיט דער קו. חיים קצב פלעגט פאָרן אויף יאַרידים קיין בלוינע, וויִשיגראָד און אַמשינאָוו און פון יעדן יאַריד האָט ער געהאַט עפּעס צו דער־ציילן. אויך פלעגט ער רעדן פיל קעגן זיין שונא, מאַנעס „מאַנדזשאַק" און זיין גויישן שותף, באַלדער. חיים האָט זיי נישט געקאָנט מוחל זיין וואָס זיי האָבן אים אויסגעכאַפּט דאָס צושטעלן פלייש צו דעם טוואָרקי־שפּיטאָל. חיים האָט אַ לאַנגע צייט געפירט אונטערהאַנדלונגען מיטן דירעקטאָר פון שפּיטאָל, געטרונקען מיט אים אַ לחיים און איז געווען זיכער, אַז אָט־אָט און דער קאָנטראַקט איז שוין געחתמעט. נאָר דאָ האָט מאַנעס זאַלצמאַן אַריינגעלייגט אים אין האַנט אַ „שיינע מוינה" און צוזאַמען מיט באַלדערן אויסגעכאַפּט דאָס געשעפט. חיים האָט עס אים קיינמאָל נישט פאַרגעסן.

„מע וואָלט געקענט לעבן נאָר מע לאָזט נישט — פלעגט ער זיך באַקלאָגן — איי, טוואָרקי איז דאָך אַ שמאַלץ־גרוב. מאַניס מיטן גוי מאַכן דאָך דאָרט אוצרות. ווען איך בין דאָרט וואָלט איך איך אַלעמען דאָ גענומען אין שותפות".

גדליה גאָלדע האָט געהאַט אַנדערע טענות קעגן די נאַדעזשינער קצבים. יענע פלעגן יעדן פאַרטאָג ברענגען פלייש צו אונדז אין שטאָט און עס פאַר־קויפן צו די גוייִשע קצבים. זיי פאַרקויפן מיט 10 גראָשן ביליקער דעם קילאָ און יענע קויפן ביי זיי און מיר שטייען מיט פאַרלייגטע הענט און קוקן. אַז עס ווערט טריף אַ בהמה איז נישטאָ וועמען צו פאַרקויפן, באַקלאָגט זיך גדליה.

איין מאָל, האָבן די פּרושקאָווער קצבים באַשלאָסן אַנטקעגנשטעלן זיך מיט כוח און פאַרשטעלן די נאַדעזשינער דעם וועג. „איין מאָל פאַר אַלע מאָל! פּרנסה־מלחמה! זיי, אָדער מיר!" און פאַרטאָג האָבן זיך די פּרושקאָווער קצבים אַ לאָז געטאָן אין וועג צום דאָרף נאָווע וויעש בכדי צו פאַרהאַלטן דאָרט די נאַדעזשינער.

געגאַנגען זענען גדליה מיט זיינע צוויי ברידער־גבורים; אשר און שיען מיט שטעקנס און באַנקעס פון נאַפט אין זייערע הענט; געגאַנגען איז חיים בראַנד מיט זיין ברודער פּיווּיש; געגאַנגען איז מיין טאַטע מיט הערשל ליאַך און לייביש איזראַעלעוויטש מיט זיין זון חנן; און געגאַנגען איז לייב קאָגוט.

ביים דאָרף, ווען די נאַדעזשינער זענען אָנגעקומען מיט די פורן פלייש, האָט זיך גדליה אַ שטעל געגעבן אין מיטן וועג, אויפגעהויבן די האַנט און אַ געשריי געטאָן אויף דייטש: „האַלט!" חיים האָט אויך אויפגעהויבן זיין האַנט און אויס־געשריגן אויף רוסיש: „סטוי! דאַוואַי נאַזאַד!"

די נאַדעזשינער קצבים זענען אָבער אויך נישט קיין „מפּיל־קינדער". אהרן־

יעקב, נתן, וואָלף־בער זענען צוגעגאַנגען צו גדליהן. „וואָס, איר גייט אונדז שלאָגן אַנו, פּרובירט נאָר. מיר האָבן פאַר אייך קיין מורא נישט!"

גדליה האָט זיך צעשריגן: „איר גייט אויף אונדזער לעבן, וועלן מיר גיין אויף אייער לעבן".

„איר נעמט אונדז אַוועק דעם ביסן פון מויל! דאַוואַי נאַזאַד קיין נאַדאַזשין! — האָט חיים געביילט מיט די פויסטן.

„מיר האָבן דאָס רעכט צו פאַרקויפן ווו מיר ווילן!" — שטעלט זיך נתן אַנטקעגן.

דערווייל איז אָשר גאָלדע צוגעגאַנגען מיטן נאָפּט צום וואָגן, אָבער דאָ האָט אים הערשל ליאַך אָנגעכאַפּט ביי דער האַנט און מיין טאַטע האָט אים אַוועקגעשלעפּט פון דאָרטן. די נאַדעזשינער זענען געוואָרן צעטומלט און אהרן־יעקב אָנגעהויבן שרייען:

„יידן, וואָס גייט איר טאָן? מיר האָבן דאָך אויך ווייבער מיט קינדער און מיר דאַרפן אויך לעבן! וואָס זאָלן מיר טאָן, נעמען טאָרבעס און גיין איבער די הייזער?"

„פאַרקויפט אייער פלייש אין נאַדעזשין און נישט אין פרושקאָוו" — שרייט אָשר און וויל באַגיסן די פור מיט נאָפּט. מיין טאַטע און לייב קאָגוט לאָזן נישט צו.

„זיי זענען אויך יידן און מע טאָר זיי נישט אומגליקלעך מאַכן" — טענהן זיי אייך. צום סוף זענען די נאַדעזשינער דורכגעפאָרן און צו קיין מלחמה איז עס נישט דערגאַנגען. אָבער זינט דאַן האָט חיים קצב טענות צו הערשלען און צו מיין טאַטן און יעדן פרייטיק צו נאַכטס קומט ער מיט דעם אַרויס:

„אַז מ'גייט אין מלחמה אַריין דאַרף מען קענען פולווער שמעקן. נו, זעט, די נאַדעזשינער ברענגען ווידער פלייש און איר? גוט אַזוי אויף אייך!"

און ווי אַזוי מ'גייט אין מלחמה אַריין, דאָס ווייסט חיים זייער גוט. ער איז אַן אויסגעדינטער ניקאָלאַיעווסקער סאָלדאַט. אין 1914 איז ער מאָביליזירט געוואָרן און געדינט אין אַ קאָזאַצקער קאַוואַלעריע־ראָטע און „מאַטושקאַ ראַסייאַ" איז אים גוט באַקאַנט. געווען איז ער אין די בערג פון אוראַל, דורכמאַרשירט סיביר און געווען אַפילו אין מיטל־אַזיע. און אַז ער הייבט אָן דערציילן פון די שלאַכטן און פראָנטן זיצט מען פאַרגאַפט. און איך הער ווי די ערד פלאַצט אונטער די שראַפּנעלן און קאָזאַקן פליען אויף פערד מיט פּיקעס אין די הענט און שרייען: הוראַ! הוראַ!

איך געדענק, ווי איין מאָל האָט חיים דערציילט ווי מען האָט געוואָרפן גראַנאַטן רייטנדיק אויף די פערד. ער האָט דערביי אַ פּאָכע געטאָן מיט דער פויסט און געטראָפן זיין ברודער פייוויש גלייך אין פּנים אַריין. פייוויש האָט אַ שפּיי געטאָן מיט בלוט און זיך צעשריגן:

„וואָס עס האָט זיך מיר געחלומט די נאַכט און יענע נאַכט זאָל אויסגיין צו דיין קאָפּ! האָסט דאָך מיר אויסגעהאַקט אַ צאָן!!!..."

מיין פעטער שמואל האָט אויך געהאַט וואָס צו דערציילן. ער איז געווען

אַ מאַטראַז אין דעם טשאַרנאָמאָרסקער פּלאַץ (דאָ קומט אַריין אונדזער שכן, אברהם מאָנקאָבאָסקי, מיט אַ צייטונג אין האַנט, און זעצט זיך אַוועק הערן די מעשיות). און מיין פעטער דערציילט:

„אַז די שיף גייט אויפן ים זעסטו נאָר הימל און וואַסער. דו פילסט אַפילו נישט ווי די שיף שווימט. אָבער קוים ווערט אַ שטורעם, זאָל זיך דער הימל מרחם זיין! דער ים ווערט אויסגעמישט מיטן הימל, די כוואַליעס שפּרינגען איבער דער שיף און די שיף אַליין וויגט זיך ווי אַ פּילקע. אַ שרעק נעמט אַרום. די גויים צלמען זיך און די יידן, להבדיל, זאָגן תהילים. און אונטער דער שיף שווימען נאָך וואַלפיש און יעדער פון זיי איז גרויס ווי עוג מלך הבשן. זיי שווימען נאָך דער שיף און וואַרטן זי זאָל זיך אומדרייען און דאַן שלינגען זיי איין די מענטשן".

דאָ רייסט אים איבער חיים קצב. „וואָס קלאַפּסטו אין קאָפּ אַריין, ווי קאָן אַ פיש איינשלינגען אַ מענטש?"

„יאָ, יאָ", — רופט זיך אָפּ אונדזער שכן, ר׳ אברהם, פון זיין ווינקל אַרויס — „יונה הנביא איז טאַקע איינגעשלונגען געוואָרן און געלעבט אינעם בויך פון אַזאַ וואַלפיש פערציק טעג, ביז ער האָט אים אויסגעשפּיגן ביים ברעג פון נינוה".

„איך פאַרשטיי נישט" — קראַצט זיך חיים קצב אין קאָפּ — „ווי אַזוי קאָן מען דאָס לעבן פערציק טעג אין בויך פון אַ פיש?"

„נו, און וואָס פאַרשטייסטו שוין יאָ" — ענטפערט אברהם מיט ביטול — „ווען דו קענסט לערנען וואָלסטו געזען אַז אַזוי שטייט געשריבן אין די הייליקע ספרים, ווי יונה הנביא איז איינגעשלונגען געוואָרן".

חיימען פאַרדריסט עס. „„און דו מיינסט, אַז ווען מען ווערט אַ גביר ביים האַנדלען מיט מעל, פאַרשטייט מען שוין אַלץ?"

אברהם ענטפערט נישט. ער שפּרייט פונאַנדער די צייטונג און הייבט אָן לייענען. פּיוויש גיט אַ קרעכץ און בעט נאָך אַ גלעזל טיי.

„וואָס קרעכצסטו אַזוי?" — פרעגט אים גדל־

„איי" — שאָקלט פּיוויש מיטן קאָפּ — „געווען אַ מלחמה. מענטשן זענען געפאַלן ווי פליגן און דער צאַר־באַטיושקאַ האָט איינגענומען אַזאַ שוואַרצן סוף...

חיים גיט אַ מאַך מיט דער האַנט. ער איז געווען אין רוסלאַנד ווען די רעוואָ־לוציע איז אויסגעבראָכן. קערענסקין האָט ער אַליין געזען און טראָצקין האָט ער געהערט רעדן. ער געדענקט ווי די באָלשעוויקעס זענען אַריין אין ווינטער־פּאַלאַץ, געכאַפּט דעם צאַר ניקאָליי מיט זיין פאַמיליע און אַראָפּגעשלעפּט אין אַ קעלער. דזשערזשינסקי האָט געגעבן אַ באַפעל צו שיסן און טררראַך! קיין זכר פון זיי נישט געבליבן. אַפילו דעם צאַרעוויטש האָט מען דערשאָסן...

„און ווער מיינסטו איז אין דעם אַלעם שולדיק?" — רופט אויס לייב קאָגוט — „ראַספּוטין! דער ראַספּוטין האָט דעם צאַרישן הויף געברענגט צו אַזאַ בראָך!"

„וואָס עפּעס ראַספּוטין" — שרייט אויס חיים — „וואָס קלאַפּסטו אין קאָפּ אַריין? ראַספּוטין איז דאָך שוין דאַן געווען טויט?"

„יאָ, ראַספּוטין" — בלייבט לייב ביי ס'זייניקע — „ער האָט עס אָנגערעדט דעם צאַר צו גיין אין אַ מלחמה קעגן דעם דייטש. ווייסטו דען וואָס פאַר אַ פויגל ער איז געווען? וויפל נקבות ער האָט געהאַט? אַפילו די צאַרינע איז געווען אין אים פאַרלאַבטשעט..."

איך שאַר זיך אַרויס פון ווינקל נענטער צו לייבן. איך וויל הערן ווער זענען עס די באָלשעוויקעס און ווער איז געווען ראַספּוטין. נאָר דאָ דערזעט מיך מיין מאַמע, כאַפּט מיך ביי דער האַנט און שלעפּט אַריין אין צווייטן צימער. „שלאָפן זאָלסטו גיין. ביסט נאָך צו קליין אַזעלכע זאַכן צו הערן".

איך וויל נישט גיין שלאָפן. איך בין גרייט צוצוהערן זיך אַ גאַנצע נאַכט, נאָר דער טאַטע גיט אויף מיר אַ שאַרפן קוק. איך בין שוין גרייט צו גיין, נאָר פּלוצלינג עפנט זיך די טיר און עס קומט אַריין פּיניע פּאַך.

ער איז אָנגעטאָן אין אַ גראַנאַטן, אויסגעפּרעסטן אָנצוג, מיט אַ בינדע מיט אַרבעסלעך און פון אונטער דעם קאַפּעליוש שטאַרצט אַרויס ווויליונגעריש אַ שוואַרצע טשופּרינע. ער בלייבט שטיין ביי דער טיר, שמייכלט אַ ביסל אומבאַהאָלפן, און גיט אַ זאָג:

„איך בין געקומען אייך אַלעמען איינלאַדן אויף מיין חתונה!"

„זאָל זיין מיט מזל, פּיניע" — שטרעקט אויס צו אים חיים אַ לאַנגע האַנט — דו זעסט, אויף אַלעם קומט אַ צייט".

„איך קום איצט פון דעם קלעזמער, משה „גאַגע". איי, רייסט ער אַ פּריז! ער וויל 75 זלאָטעס פאַר אַ נאַכט שפּילן! נו, מילא, כ'בין מיט אים דורכגעקומען".

„עס מוז דען זיין אַ חתונה מיטן גאַנצן קנאַק? — פרעגט גדליה — עס קאָסט דאָך אָפּ אַ מאַיאָנטעק מיט געלט. איז נישט גענוג בלויז אַ חופּה שטעלן?"

„ניין" — ענטפערט פּיניע — „אַז יאָך האָב חתונה מוז עס זיין ווי עס דאַרף צו זיין. בראָנפן וועט זיך גיסן ווי וואַסער און טאַנגאָ און פּאָקסטראָט מוז מען טאַנצן".

„זעצט אייך, פּיניע" — זאָגט די מאַמע — „טרינקט אַ גלעזל טיי".

„אַ שיינעם דאַנק, אָבער איך קאָן נישט זיצן. איך מוז לויפן, ווייל די כלה וואַרט אויף מיר ביי דער „לוטניאַ". פּיניע געזעגנט זיך און לויפט אַרויס.

„יעדער מענטש האָט זיך זיין מזל — שאָקלט חיים מיטן קאָפּ — גוט וואָס ער האָט חתונה. אוי, האָט ער זיך אָנגעליטן. איך האָב אים דאָך קוים אָפּגעראַטעוועט פון טויט ווען ער האָט זיך געוואָלט דאָס לעבן נעמען".

און חיים דערציילט די מעשה. ווען פּיניע איז אַלט געווען עלף יאָר איז אים די מאַמע געשטאָרבן. און דער טאַטע, מעכל שניידער, איז געבליבן מיט דריי קינדער און אָן פּרנסה. ער פלעגט איבערניטשעווען אַלטע בגדים און אַרומגיין איבער די דערפער און זיי פאַרקויפן. די קינדער זענען תמיד געווען הונגעריק, נישט אַרומגעוואַשן און אָפּגעריסן. שטאָטישע יידן פלעגן רחמנות האָבן און גיבן די קינדער עפּעס צו עסן. פּיניע פלעגט תמיד האָבן טענות צו זיין טאַטן,

הלמאי ער גיט זיי נישט צו עסן. אָבער מעכל שניידער פלעגט ענטפערן: „כ׳וועל נישט גנבענען פאַר אייך". איז איך מאָל אַ געדאַנק אַריין פיניען אין קאָפּ, אַז אַן אַ מאַמען לוינט נישט צו לעבן. ער איז אַוועק אין דער אַפּטייק, געקויפט אַ פלעשל יאָד און אונטער די אויגן פון זיין טאַטן עס אױסגעטרונקען.

מעכל שניידער האָט אָנגעהויבן צו שרייען נאָך הילף. מענטשן זענען זיך צונויפגעלאָפן. חיים קצב האָט זיך געלאָזן אין זיין פור און אין אַ גאַלאָפּ געברענגט חיים דעם פעלטשער. ער האָט אויף פיניען אַ קוק געטאָן און געהייסן באַלד ברענגען זויערמילך. וואָלף־בער, דער נאַדעזשינער קצב, וואָס איז פּונקט דאָ געווען, איז אַריינגעלאָפן צו שרהקען אין דער מילך־בויד אַ כאַפּ געטאָן אַ טאָפּ זויערמילך און שנעל געלאָפן צו פיניען. פיניע האָט זיך נישט געלאָזט ראַטעווען. ער האָט געוואָרפן מיט די הענט און געשריגן: „כ׳וויל נישט לעבן! אָן אַ מאַמען דאַרף מען נישט לעבן!" וואָלף־בער האָט אים פונאַנדערגעריסן די הענט, צוגעהאַלטן דעם קאָפּ און חיים קצב האָט אים אַריינגעגאָסן די זויערמילך אין האַלדז אַריין. דערנאָך האָט מען פיניען אַרויפגעלייגט אויפן וואָגן און אַוועקגעפירט אין שטאָטישן שפּיטאָל.

ווען פיניע איז אַרויס פון שפּיטאָל האָבן די קצבים באַשלאָסן צו מאַכן פון אים אַ „לייט"... מ׳האָט אים מיטגענומען אין שעכטהויז אַריין און וואָלף־בער האָט אים געלערנט שינדן די פעלן, און חיים קצב האָט אים געוויזן ווי אַזוי צו האַקן אַ בהמה־פלייש. פיניע איז געוואָרן אַ לייט. ער אַרבעט ביי מאַנעס זאַלצמאַן און אויך ביי אַנדערע קצבים און פאַרדינט געלט.

חיים בראַנד איז צופרידן וואָס פיניע גייט חתונה־האָבן. ער שאָקלט מיטן קאָפּ און זאָגט: „זאָל אויך פאַר דעם יונג אַ ביסל אויפשיינען די זון. עס איז אים שוין גענוג פינצטער געווען".

שאול קאַרטשעווער

## ביי סורקען אין בויד

ביי סורקען — בערל דוכניצער — אין דער מילך־בויד, האָבן ווייבער דערציילט גענוי ווי אַזוי שלמה־הלל דער שוחט האָט אַראָפּגעלאָזן זיין עלטסטן זון, היימען, צוויי פּייערדיקע פּעטש און אים אַרויסגעטריבן פון שטוב. און דאָס אַלץ צוליב דעם לערער קאָזשעבראָצקי. ער האָט חיימען אָפּגעריסן פון דער גמרא און אַראָפּגעפירט פון דרך הישר.

קיילע האָפמאַן, משה דאָזערס ווייב, האָט זיך געשווירן ביי אירע קינדער,

אַז זי האָט אַליין געזען, מיט אירע אייגענע אויגן, ווי שבת האָט דער לערער שפּאַצירט מיט חיימען איבער דער לאָנקע און אַריינגערעדט אין אים. חיים האָט זיך צוגעהערט און געשאָקלט מיטן קאָפּ. ביידע האָבן געהאַלטן פּאַפּיראָסן אין די הענט און גערייכערט. און ווען זיי האָבן דערזען קיילען האָט חיים גלייך אַוועקגעוואָרפן דעם פּאַפּיראָס און צוגעטראָטן אים מיטן פוס און קאָזשעבראָצקי האָט זיין פּאַפּיראָס פאַרשטעקט אין אַרבל אַריין. זיי האָבן געמיינט, אַז זי האָט נישט געזען, נאָר איר, קיילען וועט מען די אויגן נישט „פאַרמאַליעווען״...

בערל דוכניצער זיצט אויף דער באַנק און וויגט זיך אין דער ברייט, צופּט זיך די באָרד און קרעכצט: „אוי ווי, ווי, וואָס עס קאָן אַלץ פּאַסירן אויף גאָטס וועלט״...

ביי סורקען אין דער מילך־בויד ווייסט מען אַלץ. לייטן זאָגן, אַז ווי נאָר ווייבער ווילן „מוטלען״, כאַפּט מען זיך אַריין צו סורקען. די בויד שטייט נעבן דוד ווילנערס בעקעריי. עס שטייען דאָרט הויכע קאַנען מיט פרישע מילך; אויפן לאַנגן טיש ליגן אויסגעלייגט ווייסע קעזן, פרישע פּוטער און בינטלעך ראש־חודש־רעטעכלעך, סלאָיקעס מיט סמעטענע און טעפּ מיט זויערמילך. אויף דער ערד, נעבן דער באַנק ליגן זעק מיט קאַרטאָפל, באָריקעס און קרויט, מייערן און אפילו שטשאַוו פאַר אַ באָרשט קריגט מען צו קויפן בו סורקען אין דער בויד.

סורקע האָט ליב צו כאַפּן אַ „מוטל״, איבערהויפּט אין די נאָכמיטאָג־שעהן, ווען דאָס לייזונג איז שוואַך. און פיל מאָל, ווען מען הייבט אָן צו פירן רכילות איינע קעגן דער אַנדערער, דערגייט עס צו קריגערייען בקולי־קולות. נאָר סורקע ווייסט תמיד ווי שלום צו מאַכן צווישן די ווייבער. „מ׳דאַרף נישט קוקן איינע די אַנדערע אין טאָפּ אַריין — פלעגט זי אַריינזאָגן — ווער עס האַלט די שטוב זויבער איז טאַקע אַ בריה און ווער עס איז אַ „שליאָך״... נו, מילא, זאָל דאָס דיך נישט אָנגיין. אַזוי ווי מע בעט זיך אויס, אַזוי שלאָפט מען... אין ים זענען פאַראַן פאַרשידענע פיש...״ אאַז״וו.

אָבער אַזאַ מעשה קאָן זיך אפילו סורקע נישט צוגלייבן. חיים אָפּאָזדאָווער, וואָס איז תמיד געזעסן איבער אַ בלאַט גמרא ער זאָל עס רייכערן אַ פּאַפּיראָס אין שבת? שווער צו גלייבן!

— וואָס? — צעשרייט זיך קיילע און קלאַפּט מיט דער פויסט אין האַרץ — איר גלייבט מיר נישט? אַ ליגנערין בין איך? קומט מיט מיר אין בית־המדרש און איך וועל שווערן ביי אַ ספר־תורה!״

ווייבער זיצן און הערן זיך צו. פאַר אַלעמען איז קלאָר, אַז ווען דאָס זאָל זיין אַ ליגן וואָלט דאָך שלמה־הלל זיין זון נישט אַרויסגעטריבן פון שטוב.

— און ווו איז ער איצט, דער מחלל־שבתניק? — פרעגט סורקע — ווו וואַלגערט ער זיך אַרום?

— ער וואַלגערט זיך נישט אַרום — ענטפערט קיילע — קאָזשעבראָצקי האָט אים אַריינגענומען צו זיך אין שטוב. ער איז אים מאכיל טריפה און הייסט אים גלייבן אין אַן אַנדערן גאָט!״.

— וואָס ? ! — קאָן זיך סורקע נישט צוגלייבן — אין אַן אַנדערן גאָט צוגלייבן ?

— יאַך זאָל אַזוי זיין אַ מאַמע צו מיינע קינדער — שווערט זיך קיילע ווי כ׳האָב עס געהערט מיט די אייגענע אויערן. — און קיילע הייבן אָן דערציילן ווי אַזוי זי איז אַרויפגעגאַנגען צו גוטמאַן ראָזענבלום אין שטוב אַריין. די טיר פון קאַזשעבראַצקיס דירה איז געווען אָפן און זי האָט געזען דאָרט זיצן אַ חברה יונגען און מיידן. קאַזשעבראַצקי האָט געלייענט הויך פון אַ בוך : „דער גאָט פון פרילינג״.

— ווי צו די אויערן וואָס הערן דאָס — האָט בערל קראַשנער אַ פּאַטש געטאָן מיט די הענט.

— נו, נו, וואָס נאָך האָט איר געזען — פרעגן די ווייבער געשפּאַנט.

— ווייטער האָב איך שוין נישט געזען, ווייל עטלעכע יונגען און מיידן זענען צו און האָבן פאַרקלאַפּט די טיר. איך בין אַריין צו ראָזענבלומען אין שטוב אָבער גוטמאַן איז נישט געווען. בין איך צוריק אַרויס און שטילערהייט צוגעלייגט אַן אייער צו דער טיר. און ווי און ווינד וואָס איך האָב געהערט !

— ציט שוין נישט אַרויס די נשמה — בייזערט זיך סורקע — וואָס האָט איר געהערט ?

— וואָס איך האָב געהערט ? איך האָב געהערט דעם לערער שרייען זיי זאָלן שוין אַראָפּוואַרפן פון זיך די בגדים !

— וואָס ? ! ? די יונגען מיט די מיידן זאָלן פון זיך אַראָפּוואַרפן די בגדים ? רבונו דעלמא כולא ! — שפּרינגט בערל קראַשנער אַרויף אויף דער באַנק.

— יאָ, יאָ — שאָקלט קיילע מיטן קאָפּ — צוערשט האָט ער גערעדט וועגן דעם דאָקטער הערצל, דערנאָך האָט ער גערעדט וועגן עפּעס אַ בער באָראָכאָוו, דערנאָך האָב איך אים געהערט שרייען מ׳זאָל שוין אַראָפּוואַרפן פון זיך די מנחם־מענדלשע בגדים און מיט לאָפּעטעס אין די הענט גיין קיין פּאַלעסטינע !

מען דאַרף אים פון שטאָט אַרויסטרייבן ! ביילט בערל די פויסטן.

— און מיין מאַן האָט אויך בפירוש געזאָגט — מאַכט קיילע מיט די הענט — אַז אויב מ׳וועט דעם קאַזשעבראַצקי פון דער שקאָלע נישט אַוועקטרייבן, וויל ער מער נישט זיין קיין דאָזער און פּאַרטיק.

פעסיע־ביילע, די שוועסטער פון גדליה דער זייגערמאַכער, שטייט ביי דער טיר פון סורקעס בויד, קוקט קיילען אין מויל אַריין און שאָקלט געהיימנישפול מיטן קאָפּ. זי זעט ווי דינה, די קצבטע, דערנענטערט זיך און אַ שמייכל צעלייגט זיך אויף איר פּנימל.

— וואָס לאַכן זי אַזוי ? — פרעגט קיילע אַ ברוגזע — זי גלייבן נישט, אַז איך האָב עס געזען און געהערט ?

— איך זאָג דען, אַז איך גלייב נישט ? — פאַרטיידיקט זיך פעסיע־ביילע — אָבער דאָס וואָס איך האָב געזען און געהערט, דאָס ווייסט קיינער נישט...״

— וואָס ? וואָס ? — פרעגט סורקע — פאַרוואָס זאָלן מיר טאַקע נישט וויסן ?

— וואָס זאָל איך אייך זאָגן — הייבט פעסע־ביילע מיט די אַקסלען — אַ קו

האָט אַ לאַנגע צונג און קאָן נישט רעדן און אַ מענטש האָט אַ קורצע צונג און טאָר נישט רעדן.

— וואָס מאַכן זי סודות פון יעדע זאַך — בייזערט זיך סורקע — מע דאַרף וויסן „טשאַרנע נאַ ביאַלעם" וואָס עס טוט זיך ביי אונדז אין שטאָט.

— אויב אַזוי, וועל איך אייך זאָגן, און זאָל זיין וואָס ס'וועט זיין. איך האָב געזען מיט מיינע אייגענע אויגן ווי דער אפיקורס, חיים, האָט מאַניען, דינהס טאָכטער, געקושט גלייך אין פיסק אַריין!

— וואָס? — צעשרייט זיך דינה רויט־ווערנדיק פאַר כעס — מיין מאַניע וועט זיך לאָזן קושן אין מויל אַריין?

— יאָך זאָל אַזוי זען גוטס ביי יידן — שווערט זיך פעסע־ביילע — און קאָזשעבראָצקי איז געווען דערביי. זיי גייען שפּילן טריאַטער, „מאָטקע גנב".

— זי זענען אַ געמיינער פּליאַטשוך. זי קענען צונויפשטעלן אַ וואַנט מיט אַ וואַנט. זי גייען אין די שטיבער און קוקן אין די טעפּ אַריין און דערנאָך מאַכן זי פּליאַטקעס — קלאַפּט דינה מיט די פיס — מיין מאַניע וועט זיך לאָזן קושן אין פיסק אַריין?

— שאַ, שאַ, מע דאַרף זיך נישט קריגן — שטעלט זיך סורקע אין דערמיט און פרוווט איינשטילן דינהן.

— אויב אַזוי וועל איך שוין דערציילן דעם גאַנצן אמת — צעשרייט זיך פעסע־ביילע מיט אַ קוויטשנדיק קול — אויב יאָך בין שוין יאָ אַ פּליאַטשוך טאָ זאָלן מענטשן וויסן דעם אמת. זיי זענען געזעסן יונגען מיט מיידן אויף אַ באַנק אין דעם טריאַטער אויף סטאָלאָווע גאַס. מאַניע איז געשטאַנען אויף דער סצענע, די הענט פאַרלייגט אויף די זייטן און חיים האָט געגעבן אַ שפּרונג צו צו איר מיט פונאַנדערגעשפּרייטע הענט און אָנגעהויבן שרייען: „מערי, איך ליבע דיך!" ער האָט איר אַרומגעכאַפּט דעם קאָפּ און אַריינגעלאָזט אַ קוש גלייך אין פיסק אַריין!

— אַזוי! — קראַצט זיך בערל קראַשנער הינטערן היטל — און קאָזשעבראָצקי איז געווען דערביי?

— אַוודאי איז ער געווען. אויך אויף דער סצענע. און ער האָט נאָך געזאָגט, אַז מאַניע האָט נישט גוט אַ נטערגעשטעקט דעם פיסק און אַז...

פעסע־ביילע באַוויזט נישט צו פאַרענדיקן, ווייל דינה גיט זיך אַ ריס און לאָזט איר אַראָפּ אַ פּליאַסק, גלייך אין פנים אַריין.

— נאַ, פּליאַטשוך, דאָס האָסטו פאַר באַריידן מיין טאָכטער.

פעסע־ביילע גיט אַ קוויטש און כאַפּט זיך ביי דער באַק. סורקע שפּרינגט צו צו דינהן און שלעפּט זי אַוועק. אויך אַנדערע ווייבער מישן זיך אַריין און פרווון זי צו באַרואיקן: — דאָס איז דאָך נאָר טריאַטער. זיי גייען דאָך שפּילן „מאָטקע גנב". עס איז נישט שייך, אַז מען שלאָגט זיך...

פעסע ־ביילע לויפט אַרויס שרייענדיק: „יאָך גיי דערציילן מיין מאַן און ער וועט איר שוין די זייטן אונטער־האַקן. יאָך זאָג דעם אמת און זי שלאָגט! יאָך וועל איר שוין וויזן..."

ראובן פּאַסטאַלסקי

# יעקב ווילנער

יעקב ווילנער, יעקב „בערביטש", דער אַלטער יאַקל — כמעט יתרוס נעמען. מיט וועלכן נאָמען מען האָט נאָר געוואָלט האָט מען אים געקענט רופן. פאַרשטייט זיך, מחוץ ביי עולה לתורה זיין ווען ער האָט געהייסן יעקב בן שלמה. ער איז געווען אַ קליין, נידעריק, געפּאַקט און פעסט יידל און געזונט ווי אַ וועלשענער ניס. ביי 80 יאָר רייט ער נאָך אויף אַ פערד, פאַרמאָגט אַ געזונטן כוח־הדיבור מיט שאַרפע רריישן.

יעקב בערביטש האָט אַ ווייבל, די לאַנגעביילע, איז זי פּונקט דער היפוך פון אים: אַ לאַנגע, דאַרע, מיט איין אויג אָפּן און דאָס אַנדערע פאַרמאַכט, פאַר־קלעבט. כ׳קאָן מיר נישט פאָרשטעלן, אַז די בידע האָבן חתונה געהאַט אויס ליבע, אָבער דער שדכן, וואָס האָט זיי ביידן צוזאַמענגעפּאָרט, האָט געמוזט זיין אַ גרויסער שווינדלער און אויך אַ גרויסער קונדס. פון דעסטוועגן האָט דאָס נישט געשטערט, אַז די בידע זאָלן ברענגען אויף דער וועלט געזונטע יונגאַטשעס, נישט קיין קורצע ווי ער און נישט קיין בלינדע ווי זי.

יעקב יאַקל האָט זיך מיט זיין ווייבעלע, ביילען, קיין מאָל נישט געקריגט, ווייל ווען ביילע האָט אים געשאָלטן — און שעלטן האָט זי געקענט גאַנץ ניש־קשהדיק — האָט יעקב געמאַכט זיך נישט הערנדיק. זי האָט נישט געשאָלטן אים צוליב שלעכטקייט און אַפילו נישט געוואָלט, אַז איין קללה זאָל, חלילה מקיים ווערן. זי האָט גוט געוווסט, אַז אירע קללות קענען אַוועקלייגן אַ גאַנצע ראָטע סאָלדאַטן. אָבער נישט שעלטן איר מאַן, דאָס האָט זי בשום אופן נישט געקענט. אָבער גאָט שיקט דאָך צו די רפואה פאַר דער מכה. האָט ער געשענקט יענקלען אַזאַ מין האַרטן קערפּער, ווי אַ סקאָרופּע פון אַ טשערעפּאַכע. און קיין איינציקע פון ביילעס קללות קענען נישט אַריינדרינגען אין זיין קערפּער.

יעקב בערביטש איז באמת אַ גוטמוטיקער ייד, פון די אַמאָליקע פּראָסטע יידן. אין שולעכל צי אויף דער גאַס איז ער תמיד אַ פריילעכער, האָט ליב צו מאַכן אַ „לחיים" פון ריינעם „ביינציקער" און פילט זיך נאָך בכלל יונג און די יאָרן זאָגט ער קיין מאָל נישט אויס, אָבער דאָס שטעטל האַלט שוין דעם חשבון. ער ווערט בייז ווען מען זאָגט אים „קיין עין־הרע" און זאָל אים קיינער נישט קוקן אין די ציין.

דערפאַר, אין שטוב, ווען ער געפינט זיך מיט דער לאַנגער ביילע אונטער איין דאַך, ווערט יעקב אויס קנאַקער. די לאַנגע ביילע וויל, אַז יעקב זאָל אויס־זען נאָך נידעריקער און דערפאַר, ווען זי דערלאַנגט אים דעם „אָנבייסן" איז עס באַלד מיט אַ „כאַליערע" אויף אַ צולאָג. דאָס מיטאָג מוז זיין פאַרבראַקט

מיט אַ „בראָך" און דאָס נאַכטעסן אָן אַ „מכה", וואָלט בכלל קיין טעם נישט געהאַט. אַזוי לאַנג האָט זי אים געשאָלטן ביז זי האָט זיך אַליין פאַרשאָלטן.

דאָס שטעטל האָט געוווסט ווי אַזוי די לאַנגעביילע באַהאַנדלט איר מאַן און דערפאַר, ווען זי איז געשטאָרבן מיט אַ גרינגן טויט — ווייל זי האָט נישט באַדאַרפט צומאַכן מער ווי איין אויג (אַזוי האָט מען זיך געוויצלט אין שטאָט) — האָט מען געמיינט, אַז דער אַלטער בערביטש וועט אַ ביסל אָפּטעמען און זיינע יאָרן וועלן זיך באמת אויסציען עד מאה ועשרים. און פונקט געשעט עס פאַרקערט. יעקב, דער פרישער אַלמן, ל"ע, ווערט עפּעס נידעריקער, עלטערער; ער קאָן זיך פשוט נישט געבן קיין עצה. מ'זעט אים שוין נישט מער רייטן אויפן פערדל. עפּעס אַ טרויעריקייט קוקט אים אַרויס פון די אויגן. מענטשן וויצלען זיך, אַז די לאַנגע ביילע וויל אים מיט כוח אַהינשלעפּן צו זיך, טאָמער וועט ער חתונה האָבן אַ צווייט מאָל.

טראָץ דעם, וואָס יעקב איז באַזאָרגט מיט אַן אייגענער וווינונג, מיט אַ לעפל וואָרעמס פון זיין שנור, צביה די בעקערין, קען זיך דאָך דער אַלטער נישט געבן קיין עצה. מען זעט, אַז דאָס אַמאָליקע פריילעכע יידל גייט פשוט אויס. האָבן זיך יידן אַריינגעמישט און געגעבן אַן עצה, אַז מען זאָל אים חתונה מאַכן.

אין שטעטל האָט געוווינט אַ פרוי, וואָס האָט זיך גערופן די מומע רויזע. זי איז שוין אויך אין די יאָרן; אַ פרומע, תמיד מיט אַ קופּקע אויפן אָפּגעגאָלטן קאָפּ און איבערן טיכל אַ פאַטשיילע. אָן אַ פאַרטעך איז זי קיין מאָל נישט אַרויס־געגאַנגען אין גאַס, אַפילו פאַרטאָג. אויף איר איז עס געפאַלן דער גורל צו ווערן ביילעס פאַרטרעטערין.

די מומע רויזע איז געקומען פון נאַדעזשין, אַלס אַלמנה פון איר לעצטן מאַן. וויפל שדכנים עס האָבן זיך דערביי אַרומגעפּאָרעט ווייסט מען נישט גענוי, נאָר אין אַ שיינעם פרימאָרגן האָט מען זיך אָפּגעגעבן מזל־טוב.

די מומע רויזע איז געוואָרן יונגער פון טאָג צו טאָג. אַ קליינינקייט, אַ דאַך איבערן קאָפּ, האָלץ צו הייצן פון אברהם בעקער, יעקבס זון; אַ קעלער פול מיט קאַרטאָפל; אַ שטיקל פלייש אין טעפּל האָט אויך נישט געפעלט און געלט איז אויך געווען סיי פון איר אָפּשפּאָר און סיי פון זיינס. דערפאַר טאַקע האָט זי זיך אַ נעם געטאָן צו דעם אַלטן יעקבן און געוואָלט אים מיט אַלע כוחות אַרויסנעמען פון דער הינערפּלעט און מאַכן אים פאַרגעסן אין זיין געוועזן ווייבל, די לאַנגע ביילע.

טראָץ איר גוטער באַהאַנדלונג, האָט מען ביי דעם אַלטן יעקב נישט באַמערקט קיין שום ענדערונג. מען האָט געזען, אַז דער זקן עלטערט זיך פון טאָג צו טאָג אין אַ שנעלן טעמפּאָ. מען האָט געוווסט אין שטעטל, אַז די מומע רויזע וואַשט אים און קעמט אים; זי באַמיט זיך צו קאָכן דיגעשמאַקסטע און בעסטע מאכלים. ס'איז איר נישט געגאַנגען שוין אין דעם, אַז דער אַלטער וועט זיך חלילה אָפּרוקן, נאָר פשוט נישט צו ווערן ווידער אַן אַלמנה און דאָס וואָרט „קטלנית" זאָל זיך פאַרגרעסערן אין צאָל.

דער „דור הולך" האָט זיך אָנגעזעצט אויף יעקבס פּלייצעס. עס קאָן זיין, אַז די לאַנגעביילע האָט אַלע טעראָריזירט אויבן אין הימל און אויסגעפּועלט, אַז מע זאָל יעקבן ב־ענגען וואָס שנעלער אַרויף צו איר. יעדנפאַלס, אַז מ׳האָט אים געפרעגט, האַלב אין שפּאַס און האַלב אין ערנסט: „נו, ר׳ יעקב, איר זענט עפּעס צופרידן פון דער מומע רויזע?" האָט ער אָנשטאָט אַן ענטפער, אַ בורטשע געטאָן: „ס׳איז נישט ביילע! ניין, ס׳איז נישט ביילע!".

ס׳האָט נישט לאַנג געדויערט און די מומע רויזע איז ווידער געוואָרן אַן אַלמנה ר״ל, און יעקב איז אַוועק צו זיין לאַנגער ביילע, צו מאַכן פון איר אַ „פיסן בענקעלע" פאַר אַלע קללות און פאַרגעניגנס, וואָס זי האָט אים צוגעטיילט אויף דער זינדיקער וועלט.

## ראובן פאַסטאַלסקי

# אברהם „חיליאַק"

אברהם האַבערמאַן האָט געהאַט אַ צונאָמען „חיליאַק", און די גאַנצע משפּחה זיינע האָט מען גערופן „די חיליאַקעס". אברהם איז געווען אַ בעל־עגלה און זיין גאַנץ לעבן האָט זיך אָפּגעשפּילט אין פערד־שטאַל. דאָרט האָט זיך געפונען זיין וועלט און די „סוסים" זיינע זענען געווען פאַר אים די בעסטע פריינד. זיי, די פערדלעך זיינע, האָבן אים אַלע מאָל בעסער פאַרשטאַנען און בעסער באַהאַנדלט ווי די שטאָטישע סוחרימלעך. זיי האָבן אים בעסער פאַרשטאַנען און מיטגעפילט אַפילו פון זיין אייגן ווייבל, גיטעלע.

אברהם חיליאַק איז געווען אַ קליין־געוויקסיקער און דערצו נאָך אַ דאַרער. זיין אָפּגעברענט פּנים פון זון און פראָסט איז געווען אַרומגערינגלט מיט אַ שיטער, בלאָנד בערדל. דאַקעגן האָט ער געהאַט אַ ווייבעלע, גיטעלע, פּונקט להיפוך פון אים. גיטעלע „די קאָזאַטשקע", ווי מען האָט זי גערופן, איז געווען אַ פול־געזעצטע יידענע מיט אַ פריש און יונג פּנים און מיט אַ שטימע, אַזאַ כוח־הדיבור, אַז די ווענט האָבן געציטערט. די קינדער וואָס זיי האָבן געברענגט אויף דער וועלט, זענען געווען געזונטע יונגען ווי די ניס און מיידן פול־בוזימדיקע. דאָס גאַנצע געזינדל האָט זיך פאַרנומען מיט „פורמאַנעריי". פאַרטאָג האָט מען געשפּאַנט און שפּעט ביינאַכט אָוועקגעפאַלן מידע, בכדי צומאָרגנס דאָס זעלבע איבערחזרן. און אַזוי אַרום איז אברהם חיליאַק אָפּגעפאָרן זיין לעבן. אָבער בכדי דאָס צו באַגרייפן מוז מען אַריינגיין אין זיין פערדישער רעזידענץ אויף איין מעת־לעת.

ווען די מלאכים אין הימל האָבן נאָך נישט געטראַכט אויפצושטיין צו דער געטלעכער שירה און די זינדיקע מענטשן אויף דער וועלט האָבן זיך ערשט איבערגעדרייט אויף דער אַנדערער זייט, בכדי צו כאַפּן דעם צווייטן דרימל; און ווען די שקאַפּעס האָבן קוים געכאַפּט דעם ערשטן שטייענדיקן שלאָף נאָך דער שפּעטער האָבער־ און שטרוי־קאָלאַציע איז שוין אברהם חיליאַק געשטאַנען אויפן גרויסן הויף צווישן אַלע וועגענער און האַלטנדיק אין איין האַנט אַ טאָפּ מיט סמאַראָווידלע און געשמירט די אַקסן פון וואַנען ער האָט פריער האַלב אַראָפּגענומען די רעדער. פּונקט ווי אַ רופא, להבדיל, טאַפּט אַרום אַ חולה, אַזוי האָט אברהם בודק געווען די וועגענער. דאָ פּרובירט ער מיט אַ שאָקל די זייטיקע וואָגן־ברעטער; דאָרט שלעפּט ער אַהין און אַ דריי אַהער דעם דישעל; אַפילו די „אָרטשיקעס" נישט דורכגעלאָזן. נאָך דעם דאָזיקן קאָנטראָל שפּאַצירט ער אַריין אין שטאַל; ער כאַפּט אַ קוק צום אָב־רעק, וואַרפט צו עטלעכע בינטלעך היי, שפּרייט פונאַנדער אַ ביסל פרישׁ שטרוי; טאַפּט אַרום די סקורע פון די „חיות"; דעם „גניאַדן" אַ שמיר איבער אַן אָפענער וווּנד, דעם „שיוועק" סתם אַ גוטמוטיקן קלאַפּ איבערן הינטערשטן חלק.

און באַלד הייבט זיך אָן די פיס־אינספּעקציע. יעדער פערדישער פוס ווערט אונטערגעהויבן און די פּאָדקאָוועס אויספּרובירט. און ווען אַלץ איז שוין גע־בודקט, הייבט ער זיך אָן דורכצושמועסן מיט זיינע סוסים: „העי, גניאַדי, גע־כאַפּט אַ שוויץ היינט. און דו, שיוועק, האָסט זיך אויך היינט אונטערגעריסן, האַ?" די פערדלעך שטעלן אָן זייערע אויערן, פאַרסקען אָפּ, ווי געזאָגט: „אמת, אמת, בעל־הבית־לעבן. אַ ביטערער טאָג געווען". אברהם האָט אַלע זיינע פערד ליב געהאַט, אפילו די, וואָס האָבן שוין לאַנג די פיס אויסגעצויגן. טראָץ דעם, וואָס אין אויפגע־רעגטע מאָמענטן פלעגט ער זיי דערלאַנגען מיט דער בייטש, פלעגט ער שפּעטער מיט דער האַנט אַרומטאַפּן זייער פעל און שטאַרק באַדויערן אויף די צייכנס, וואָס ער האָט זיי געמאַכט. נישט איין מאָל פלעגט ער זיך מיט זיי אויסטענהען בזה הלשון: „האַ, גניאַדי, צו וואָס האָט עס דיר געטויגט? האָסט דאָך באַלד געקענט אונטערשפּאַרן, פערדישער קאָפּ דו. און דו, שיוועק, שוין אויך געוואָרן קאַפּריזנע, וואָס?"

ווען דאָס אַלץ איז שוין פאַרטיק, נעמט זיך אברהם חיליאַק צו די לייטשן. ער קוקט זיי דורך ווי אַ פרומער ייד די ציצית. באַלד באַטאַפּט ער די כאָמאָנטן. דאָ לייגט ער אונטער אַ שטיקל זאַק, ציט צוזאַמען די איבערגעריסענע לעדער. און דאָס אַלץ ווערט צוגעגרייט אַזוי, אַז ס'זאָל חלילה נישט פאָרקומען קיין שום מכשול אין דער „יאַזדע". אָבער אַזאַ נס איז נאָך קיין מאָל נישט געשען. טראָץ די שטאַרקע בדיקה איז נאָך קיין איינציקע נסיעה נישט דורכגעגאַנגען בשלום, פאַר קיין שום בעל־עגלה געדאַכט.

ווען די ערשטע הענער לאָזן הערן זייערע טענער, הייבט זיך אָן צו רודערן אין דער אויבערשטער שטוב. גיטעלע, די חיליאַטשקע, האָט אָנגעהויבן וועקן דאָס מידע, שלאָפנדיקע געזינדל. גיטעלע וועקט נישט מיט אַ שטילן שעפּטשען,

אָדער מיט אַ גלעט איבערן קעפּל. ניין, דאָס קיין מאָל נישט! טראָץ דעם, וואָס זי איז אַ הייסע יידישע מאַמע. אָבער פּרנסה איז מלחמה, פלעגט זי טענהן, אַ הינטיש לעבן — כ׳לעבן! מיט גיטעלעס אויפשטיין האָט זיך אָנגעהויבן אַ קולות־וברקים איבערן גאַנצן הויז. זי האָט געוועקט מיט אַ שלעפּ דאָ און אַ קוויטש דאָרט. מיד און פאַרשלאָפן האָט זיך דאָס געזינדל פויל אויפגעהויבן און גענומען אויספירן די „ראָזקאָזן״ פון זייער גוטער און שלעכטער מאַמע.

אין דער צייט פאַרוואַרפט אברהם איבער זיך דעם טלית, וויקלט אַרום די תפילין אויף זיין אויסגעהאָרעוועטער האַנט און גיט אַ שנעלן פאַר אָפּ דאָס דאַוונען; אַ קוש און שפּיי אויס ביי „אנחנו כורעים״, אַראָפּגעוואָרפן פון זיך דאָס הייליקייט וואָס איז משבת־לשבת געבערענגט געוואָרן אין אָרדענונג. עס געדויערט נישט לאַנג און גיטעלע וואַרפט אַרויף אויפן טיש אַ צענדליק זעמל פון פאַרטעך אַרויס, און שוין שטייען פולע שיסעלעך מיט פאַרענדיקן עסן. אברהם וואַשט די הענט, מורמלט עפּעס, עסט בחיפזון און דאָס בענטשן ווערט איבערגעלאָזט אויף שבת.

כאָטש אברהם איז דער בעל־הבית, פירט גיטעלע די קאָמאַנדע. אַחוץ דער שטאָל מיט די סוסים, איז די איבעריקעווירטשאַפט אויף איר קאָפּ. און דער־פאַר איז זי שטענדיק די ברויזנדיקע און שיט מיט קללות, אָן רחמנות. דער היכפּונקט פון געפּילדער דערגרייכט ווען די שטעטלדיקע קרעמער קומען זיך צוזאַמען און יעדער וויל האָבן זיין סחורה פריער אין קרעמל. דאָס געפּילדער געמישט מיט גיטעלעס „מענה־לשון״ צעשטורעמען דאָס הויז. עס ווערט אַ מהומה ווי אין אַ פּאָגראָם־טאָג ר״ל. איינער שרייט אויפן צווייטן. די קרעמער מיט די חיליאַקעס ווינטשן זיך נאָר אויף שונאי־ציון געזאָגט געוואָרן. דאָס דויערט ביז אַלץ ווערט „איינגעלידעט״ און צום סוף הייבט מען זיך אָן צו וויצ־לען און גיטעלע, די קאָזאַטשקע, שמייכלט און זאָגט: „זע נאָר אַ מהומה, אויף שונאי ישראל.״

פון זונטיק פרי ביז פרייטיק פאַרנאַכט איז יעדער טאָג ענלעך צום צווייטן. די פערד גייען אין געשפּאַן ביי אברהמען און אברהם גייט אין געשפּאַן ביי זיין גיטעלען; ער שעלט די פערד און זי שעלט אים; נאָר אַ גוט וואָרט וואָס ער וואַרפט צו אַמאָל די פערדלעך האָט שוין גיטעלע זייער לאַנג אים נישט צוגע־וואָרפן. דערפאַר, שבת פאַרטאָג, טוט זיך אברהם אָן אַ פאַרגעניגן צוזאַמען מיט זיינע פערד. אין דער צייט ווען גיטעלע מיט זיין הויזגעזינד שלאָפן גאָר געשמאַק, מידע פון אַ גאַנצער וואָך נישט דורכגעשלאָפענע נעכט און אין הויז הערשט אַ שטילקייט ווי דער סמבטיון, וואָס רוט אין שבת — אין דער צייט פירט אברהם אַרויס זיינע מידע סוסימלעך, גאַנץ נאַקעטע אָן שום סימן פון געשפּאַן. זיי, די סוסים, ווייסן שוין, אַז היינט איז שבת אויף גאָטס וועלט און זיי קענען שוין דעם וועג צו די אַלייען, ווו זיי וועלן זיך באַלד דעריפרישן מיטן גרינעם טוי־גראָז. אברהם „פּענטעט״ נישט די פאָדערשטע פיס פון זיינע פערדלעך. זיי האָבן

גאָרנישט אין זינען צו בריקעווען. דער שווערער עול פון פרנסה, וואָס אברהם ליגט אַרויף אויף זיי און זיינע בייטשן נעמען צו פון זיי דעם חשק צו בריקע־ווען. מיט אַראָפּגעלאָזטע מאָ־דעס און מיט מידע פיס שלעפּן זיי זיך אין מיטן וועג און אברהם, אַן אויסגעשעפּטער פון כוחות, שפּאַנט אויפן טראָטואַר מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ, און זיינע פאַרפראַצעוועטע הענט פאַרוואָרפן אויף דעם איינגעהויקערטן רוקן און באַגלייט די פערד אין פעלד אַריין.

קומענדיק אויפן פעלד, שפּרייטן פונאַנדער אברהם און, להבדיל, זיינע סוסים זייערע נאָזלעכער און זאַפּן איין די פרישע מאָרגנלופט, וואָס טראָגט זיך פון דעם פרישן גראָז און די אַרומיקעביימער.

עס איז שבת־מנוחה אויף גאָטס וועלטל. אברהם חיליאַק שפּאַרט אָן זיין מידן קערפּער אויף אַ בוים, בכדי צו כאַפּן אַ האַלבן דרימל, ווייל ער מוז אַכטונג געבן אויף די שקאַפּעס, זיי זאָלן נישט פאַרקריכן צו ווייט. די סוסים, ווידער, דערפילנדיק גאָטס פרייע וועלטל, הייבן זיך אָן אויסצוטאָרגלען אין די נאַסע גראָזן און שטעלן זיך שווער אויף און מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ און צע־שפּרייטע נאָזלעכער הייבן אָן צו זוכן עפּעס געשמאַקס צו עסן. זיי דוכט זיך תמיד אויס, אַז וואָס ווייטער אין פעלד אַריין געפינט זיך עפּעס מער געשמאַקס און זיי פאַרקריכן אַזוי וואָס טיפער אין די גראָזיקע לאָנקעס און צעשטערן אַזוי אַרום דעם שבתדיקן דרימל פון זייער בעל־הבית.

אַ ביסל שפּעטער, קומט אָן אַ שגצל, וואָס נעמט איבער די שמירה און אברהם שפּאַנט צוריק אין שטאָט אַריין. ער נעמט דעם טלית פון שטוב און זיצנדיק ביי דער מערב־וואַנט אין דער האַנטווערקער־שול, זאָגט ער נאָך „ברוך הוא וברוך שמו“, לאָזט נישט דורך קיין איין וואָרט, הערט זיך איין צו קריאת התורה, האַלב דרימלדיק און האַלב וואַך און האָט שטאַרק הנאה פון יידישקייט.

קומענדיק אַהיים פון שול, פילט ער זיך אָן מיט אַלע שבתדיקע מאכלים, וואָס גיטעלע האָט צוגעגרייט; בענטשט אָפּ שוין האַלב פאַ־רשלאָפן, פאַרטרינקט מיט אַ טעפּל וואַסער דעם פעטן טשאָלנט און אָט ליגט ער שוין אויף דער פּאָד־לאָגע, אויף אַן אונטערגעשפּאַרטן אַלטן מלבוש און הייבט אָן צו כראָפּען.

אַ שבת־שפּאַציר מיט זיין גיטעלען, דאָס געדענקט ער שוין לאַנג, לאַנג נישט. דערפאַר איז זיין וועג שוין ווידער צום שטאַל. קיין וואָכעדיקע אַרבעט טוט ער חלילה נישט. ער באַטאַפּט נאָר די צוריקגעברענגטע סוסים פון פעלד ווי אַ דאָק־טאָר, ווי אַ טאַטע. ער קלאַפּט זיי איבער קאַרק, גלעט זייערע רוקנס, שיט צו מיטן גאַנצן האַרצן נאָך אַ ביסל האָבער לכבוד שבת. „פּאָיעט“ זיי אָן און שמועסט זיך מיט זיי דורך געמיטלעך.

באַלד נאָך שלוש־סעודות, הייבט שוין אברהם אָן צו ווערן אומגעדולדיק. ער פילט ווי דער שבת־קודש רוקט זיך אַוועק ביסלעכווייז און באַלד וועט אַריינ־שפּאַנען די נייע וואָך מיט אַ ברענענדיקער „הבדלה“ אין דער האַנט.

און ווען די ערשטע שטערן באַווייזן זיך קוים־קוים, מאַכט אברהם דעם

„המבדיל" בחפזון און דער עול־פרנסה האָט זיך ווידער צעפלאַקערט. און ווידער שטייט ער צווישן זיינע וועגענער און פערד, קלאַפּט און שמירט, קניפּט און נייט און... היידאַ, ווידער געפאָרן. און אַזוי איז אברהם חיליאַק אָפּגעפאָרן זיין וועלטל.

ראובן פּאַסטאַלסקי

## בערל דוכניצער (בירנבוים)

בער'ל „פּאַכטשער" איז געקומען אין אונדזער שטעטל פון דאָרף דוכניץ, און היות ער האָט זיך דאָרט פאַרנומען מיט פּאַכטעריי האָט מען אים גערופן בערל פּאַכטשער אָדער בערל דוכניצער. אַ סך יאָרן האָט ער געלעבט אין דאָרף צווישן גויים, אויסגעהערט שפּאַטישע זאַכן וועגן יידן, געבוקט זיך צום פּריץ צוליב דער צוגעטיילטער מילך, אָפּגעצויגן די סמעטענע, אויסגעקוועטשט קעז־לעך, צוגעהאַנדלט מיט נאַפּט און שוועבעלעך... און איז געווען צופרידן.

און אַז די יינגלעך זיינע זענען אונטערגעוואַקסן האָט מען באַדאַרפט זיי געבן אַ שייטל עברי. אָבער נישט קיין חדר און נישט קיין שול איז אין דוכניץ נישט געווען. האָט זיך בערל „אַדורכגעדברט" מיט זיין פּלוניתטע סורטשע און זיך דערדעדט, אַז לעבן צווישן גויים איז „פול בידע" ד. ה. אַ האַלבע צרה, אָבער שטאַרבן דאַרף מען צווישן יידן. און היות פּרושקאָוו ליגט נישט ווייט פון דוכניץ, איז אומר ועושה. צו ערשט קומט בער'ל מיט זיין סורטשען. זיי דינגען אַ דירה ביי איטשע ראַמש (פרענקעל) אין הויז, אַ שטוב און אַ קיכל אויף דער בוידעם־פּאַציאַטע. און אויך אַ קליינע בודקע ביי משה בעקער אין הילצערנעם הויז אויף צו עפענען אַ מילך־געוועלבל. צוריקקומענדיק אין דאָרף האָט מען צונויפ־געשלעפּט דאָס ביסל אָרעמקייט, אַרויפגעזעצט די פינף יונגען מיט דער בת־יחידה און ויסע...

כ׳געדענק נאָך, אַלס קליין יינגל, פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה, פלעגן מיר זיך שפּילן אויפן טראָטואַר פאַר בערלס מילך־געוועלבל. צו להכעיס איז דאָרט געוואַקסן אַ שיינער, גרויסער בוים, און מיר, „ווייסע חברהניקעס" פלעגן פון

אים אויסשאָקלען „כראַבאַנשטשן״. בערל, שוין דאַן אַ בן חמישים, פלעגט אונדז אַוועקטרייבן פון בוים. אָבער מיר, די „לאַפּסערדאַקעס״, פלעגן פירן מיט אים תמיד אַ מלחמה. פאַרשטייט זיך, אַז דאָס איז געווען נאָר זומער־צייט.

אין אַלגעמיין איז בערל נישט געווען קיין איבער־יקער חכם און צוליב דעם „קליינעם פעלער״ איז זיין פלוניתטע געגאַנגען אין די הויזן. ווען ער איז עלטער געוואָרן, — און זי איז געווען פיל יינגער פון אים — פלעגט ער טאָן אַלץ, וואָס זי האָט באַפוילן. אָבער דערפאַר, ווען סורטשע איז געווען פאַרנומען מיט איר ווירטשאַפט אויפן בוידעם־שטיבל, האָט מען געקענט כאַפּן מיט בער־לען אַ שמועסל וועגן „יענע צייטן״.

און מעשהלעך האָט בערל געהאַט אַ סך צו דערציילן. מען האָט נאָר געדאַרפט האָבן אַ סך געדולד ביז ער האָט אָנגעהויבן און דעם סוף האָט מען זיך קוים געקאָנט דערוואַרטן. איין מעשה האָט זיך אויסגעמישט מיט דער צווייטער. אָט הייבט ער אָן דערציילן ווי אַזוי ער האָט געדינט ביי ניקאָלייען; און „פּאַניע גנב״ האָט אים פאַרשיקט קיין טיף רוסלאַנד — און פלוצלינג גיט ער אַ שפּרונג איבער אַ 40—50 יאָר מיט אַ מעשה וועגן לצים, שדים אד״גל.

נאָר איין געשיכטע, וואָס האָט זיך מיט אים פאַרלאָפן, פלעגט ער דערציילן יעדעס מאָל אָן ענדערונגען, און נישט צונויפמישן מיט אַנדערע מעשיות. מ׳האָט אים נאָר באַדאַרפט אַ פרעג טאָן: „בערל, פאַרוואָס זענען נאָך ביי אייך די האָר און באָרד אַזוי שוואַרץ?״ בערל פאַררוקט זיינע הענט אין די אַרבל — סיי זומער און סיי ווינטער פלעגט ער ליב האָבן דאָס צו מאַכן — ער גיט זיך אַ ביסל אַ שיב אונטער, ווי ס׳וואָלט אים, אַ שטייגער, געביסן הינטערן וואַטענעם וועסטל, און הייבט אָן דערציילן:

„אַמאָל, מיט אַ סך יאָרן צוריק, ווען דו, מיין קינד, ביסט נאָך אויף דער וועלט נישט געווען בין איך אַרומגעפאָרן מיט אַ פּאָר פערד און וואָגן פון דוכניץ קיין וואַרשע, בכדי צוצושטעלן די פריצישע מילך פאַרן „אייזערנעם טויער״. אַרויסגעפאָרן בין איך, פאַרשטייט זיך, כמעט נאָך האַלבער נאַכט, ווייל דער וועג איז געווען אַ שווערער. ס׳איז געווען ווינטער־צייט, מיין קינד, דו הערסט?״ דאָ רוט זיך בערל אַ ביסל אָפּ, גיט זיך אַ קליינעם שיבער, פאַרזשמורעט מערער דאָס געזונטע אויג, כדי זיך עפּעס צו דערמאָנען. אָבער פון דעם צווייטן, האַלב־קראַנקן אויג, פלעגט תמיד רינען עפּעס אַ פליסיקייט. און ער זעצט פאָר זיין געשיכטע,

„איז יאָ, ווו האַלט איך?״ „ביים שווערן וועג״ — דער־מאָן איך אים. „איז יאָ״ — זאָגט ער — „ס׳איז טאַקע געווען ווען דער פראָסט האָט געלאָזט און עס איז געווען זייער אַ שווערער וועג. פאָר איך מיר אַזוי, מיין קינד (דאָס וואָרט „קינד״, האָט ער אַלעמען געזאָגט), און איך ווער אַנטשלאָפן. אין שלאָף דערפיל איך ווי מיין וואָגן איז שטיין געבליבן. שריי איך: „וויאָ, קאַשטאַן! הערסט, אין שלאָף שריי איך דאָס און דערפיל ווי מען שלעפּט מיך ביים אַרבל. אַז איך מאַך אויף די אויגן זע איך ווי אַן עלטער־ער ייד שטייט ביים וואָגן. איך הייב אָן שרייען

„שמע ישראל״ און כאַפּ זיך גלייך צו די ציצית. איי, ווי, ווי, האָב איך זיך דעמאָלט אַ ביסל דערשראָקן״. כ׳זע, אַז בערל לעבט איבער אין דער דאָזיקער רגע ווידער יענעם מאָמענט. ער גיט זיך אַ שיב אַ ביסל און ווערט אויף אַ רגע שטיל און הייבט אָן ווידער פאָרזעצן זיין וואונדערלעכע געשיכטע:

„כ׳הער, ווי דער ייד פרעגט מיך אַזוי איידל, אַז אַ וואַרעמקייט האָט מיך פשוט אַרומגעכאַפּט, צי כ׳קאָן אים מיטנעמען ביז וואַרשע. איך קריך אַראָפּ פון וואָגן און העלף דעם ייד אַרויפקריכן. איך לייג אַרום זיינע פיס מיט שטרוי, דעק אים איבער מיט אַ קאָלדרע, וואָס איך דעק אַלע מאָל מיין קאַשטאַן און היידאַ... און דאָס האַרץ קלאַפּט מיר. וואָס וויס יאַך? מיט מורא שלעפּ איך אַרויס דעם זייגער, אַ ליכטיקע נאַכט איז פּונקט געווען, און איך זע, אַז עס איז שוין צייט, ווען לצים און שדים האָבן שוין נישט קיין שליטה. איך דערלאַנג אַ שמיצל מיין קאַשטאַן און היידאַ.

„ביז די ראָגאַטקעס האָבן מיר קיין איין וואָרט נישט דורכגערעדט, דו הערסט, מיין קינד? פּלוצלינג דערהער איך אַ היסעלע. איך האָב געמיינט, אַז דאָס האַרץ שפּרינגט מיר שיר נישט אַרויס, ווייל עס האָט זיך מיר געדאַכט, אַז דאָס איז אַזאַ מין לאַכעלע פון אַ שד. רב ייד — דערהער איך — בלייבט אַ מיניטשקע שטיין. טפרר, קאַשטאַן, שריי איך אויס עפּעס מיט מורא. וויס איך וואָס. אפשר פאָרט פון יענער חברה. אָבער דער ייד הייבט אָן אַראָפּקריכן פון וואָגן און איך העלף אים אונטער״.

דאָ פאַרהאַלט זיך בערל אויף עטלעכע רגעס. איך קוק אים אָן און זע ווי דער אַכציקיאָריקער זקן מיט די נאָך שוואַרצע האָר, לעבט איבער באמת יענעם מאָמענט. און מאָדנע! אַליין אַ צעבראָכענער און אויסגעהאָרעוועטער פון אַרבעט און זאָרגן און דאָך זענען זיינע האָר און באָרד כמעט שוואַרץ און כ׳קלער צי איז טאַקע אמת וואָס דער דאָזיקער ייד דערציילט מיר, ווייל דעם סוף וויס איך דאָך שוין פון לאַנג. דהיינו:

אַז דער ייד האָט אים דערלאַנגט אַ ווייסע, וואַרעמע האַנט און פרעגט אים, ווי ער הייסט. זאָגט ער אים: בערל. און דער ייד זאָגט, אַז בערל איז אַ שיינער נאָמען. און ער, בערל, כאַפּט דערביי אַ ציטער און ער הערט ווי עפּעס אַ מאָדנע שטימע זאָגט צ ואים: „אַלזאָ, בערל, זאָל דיר גאָט העלפן, אַז דו זאָלסט קיינמאָל נישט אַלט ווערן... און ווערט פאַרשווינדן. „און טאַקע דערפאַר״ — פאַרענדיקט בערל אַלע מאָל די מעשה מיט אַ שיבן זיך „ווער יאַך קיין מאָל נישט גרוי!״

זיין ווייבל, סורקע, פלעגט נישט פאַרטראָגן ווען בערל פלעגט זיך צערעדן פון אַמאָל. און טאַקע דערפאַר האָט בערל אַלע מאָל אויסגעמיטן צו עפענען דאָס מויל אין איר קעגנוואַרט. איך פלעג אַלע מאָל אויסניצן דעם מאָמענט ווען סורטשע איז געווען פאַרנומען ביי איר באַלעבאַטישקייט. איך פלעג אַריינגיין צו בערלען, כלומרשט טרינקען אַ „טשאַשקע״ זויערמילך.

בערל דוכניצער האָט געהאַט נאָך אַן אינטערעסאַנטע מעשה צו דערציילן.



כנס יוצאי פרושקוב „באורנים" בחיפה

כדי צו הערן זי האָט מען נאָר באַדאַרפט אים פרעגן: „אפשר, איך בעט אייך, ר׳ בערל, קאָנט איר מיר זאָגן ווי שפּעט איז איצט"

„ווי שפּעט איז איצט?" — חזרט בערל איבער די פראַגע — באַלד, באַלד, מיין קינד".

ער גיט זיך אַ שיבער, שלעפּט אַרויס זיינע הענט וואָס זענען פאַרשטעקט אין די אַרבל, לאָזט אַריין די רעכטע האַנט אין דער לינקער וועסט־קעשענע פון זיין וואַטענעם שפּענצער וואָס זיין זון יצחק האָט ספּעציעל פאַר אים אויפגענייט, שלעפּט אַרויס אַ גרויסן זילבערנעם זייגער אויף אַ גראָבער זילבערנער קייט (וואָס מאַכט דעם איינדרוק פון אַ הונט צוגעטשעפּעט צו אַ בודע, להבדיל) און הייבט אָן די גאַנצע פּראָצעדור.

האַלטנדיק דעם זייגער, דערלאַנגט ער אַ גלעט דאָס דעקל פון איין זייט, נאָכהער פון דער אַנדערער זייט און מורמלט דערביי: „דאָס איז שוין איין מאָל אַ כלי, מיין קינד". נאָכהער דערלאַנגט ער אַ קוועטש ביים קעפּל און ווען דאָס דעקל שפּרינגט אויף קוקט ער זיך טיף אַריין מיט זיינע קראַנקע אויגן און רעדט אַרויס די שעה, די מינוט און די סעקונדע. ער מאַכט צוריק זייער „אָסטראָזשנע", לייגט צו צום אויער, כדי צו זיין זיכער, אַז ער גייט טאַקע, דערלאַנגט עטלעכע דרייעלעך ביים קנעפּל זייער־זייער אָסטראָזשנע, און לייגט אים צוריק אַריין אין זיין שפּענצער־קעשענע און קאָן זיך שוין גאָר־נישט אָפּוווּנדערן: „דאָס איז שוין איין מאָל אַ כלי, איין מאָל אַ כלי!"

אָבער איך וויל תמיד אָנטאָן בערלען אַ ביסל פאַרגעניגן, ווייל כ׳וויס, אַז ער קאָן אָפּזיצן פיל שעהן און נישט עפענען דאָס מויל, ווייל ביי סורטשען מוז ער שווייגן. איך האָב סתם ליב צו אָבסערווירן און הערן ווי אַן אַכציקיאָריקער זקן לויפט צוריק צו יענע צייטן און לעבט זיי איבער ביי דער מינדסטער באַרי־רונג. טאַקע דערפאַר לאָז איך אים נישט אָפּ און באַדין זיך אַליין מיט נאָך אַ משאַשקע זויערמילך און פרעג בערלען פון וואַנען ס׳קומט צו אים דער דאָזיקער פּראַכטפולער זייגער, כאָטש איך קאָן שוין די מעשה פון אויסנווייניק. און בערל לאָזט זיך טאַקע לאַנג נישט בעטן און דערציילט:

„דער זייגער? האַ, האַ, מיין קינד. דאָס זעסטו איז אַן אַנטיק. כ׳קאָן דיר שווערן, אַז מען באַדאַרף לאַנג, לאַנג אַזוינס זוכן". זיין צעקנייטשט פּנים באַ־קומט עפּעס אַ מאָדנעם אויסזען. עס דוכט זיך מיר אויס, אַז דער אַלטער שמייכלט הינטער דער געגרינצלטער הויט.

און מיט איין מאָל, גיט ער אַ דריי צוריק אַן ערך 60 יאָר, ווען ער איז אַ חתן געוואָרן צו סורטשען און זיין שווער, אַ ליכטיקן גן־עדן אויף אים, האָט אים דעם אַנטיק געגעבן אַלס חתן־מתנות. „אַ זייגערמאַכער" — זאָגט ער — „האָט זיך נאָך קיין מאָל ביי זיין זייגער נישט אַרומגעפּאָרקעט. הלוואי אַזוי אויף ווייטער. און היינט זיין גיין! אויף אַ האָר! און שטיל, אַז קוים, קוים וואָס מע הערט אים". און דערציילנדיק אַזוי די מעשה פון זיין זייגער און לויבנדיק זיינע גרויסע מעלות, פיל איך ווי דער ייד טראָגט זיך אַריבער צו יענע צייטן ווען מ׳האָט אים

אונטער דער חופה געפירט מיט זיין סורטשען. כלי־זמרים האָבן געשפּילט; דער בדחן האָט גערופן צו דרשה־געשאַנק. און איך זע ווי בערל זיצט אַזוי פאַרזונקען אין מחשבותן, גלעטנדיק דעם גרויסן אַנטיק, דעם זייגער, וואָס איז מיטגעגאַנגען מיט אים אַזוי פיל יאָרן. און קאָן זיין, אַז ער וועט נאָך אַ סך וואַנדערן פון זון צו אייניקל און צום אוראייניקל. און איך טראַכט מיר, אַז אָט דער בערל, וועלכער זיצט דאָ פאַר מיר, אַ זאַטער אין יאָרן, מיט טונקעלע האָר וואָס אַ ייד האָט אים צוגעוווּנטשן, קאָן אַזוי, היינט־מאָרגן און אפילו נאָך אַ סך מאָרגנס שפּעטער איבערלאָזן דעם זייגער, וואָס וועט ווייטער אויסקלאַפּן שעהן רגעס מיט גרויס פּינקטלעכקייט און ער, בערל... עך!

גענוען אַ מאָל אַ בערל דוכניצער!

ראובן פּאַסטאָלסקי

## יוסף ווייס, „דער אמת־זוכער"

אויף עק קאָשטשעלנע־גאַס, ביי ראובן באָרנשטיין אין הויז האָט געוווינט יוסף ווייס. זיין ווינונג איז באַשטאַנען פון איין צימער מיט אַ געוועלב. אַ העלפט פון דעם געוועלב איז געווען געטיילט דורך אַ פאָרהאַנג און פון יענער זייט איז געווען איינגעאָרדנט כמעט נאָך אַ צימער. אין דער פאָדערשטער העלפט פון געוועלב האָט יוסף ווייס געהאַט זיין שוסטער־וואַרשטאַט נעבן דעם גרויסן „וויס־טאַווע"־פענצטער דורך וועלכן מען האָט געקענט זען אַ שטיק גאַס און באַמערקן אַלע פאַרבייגייער. פאַר יוסף שוסטער איז דאָס געווען ווי געוווּנטשן, ווייל ר' יוסף איז געווען אַ מין שוסטערישער פילאָזאָף אָדער אַ פילאָזאָפישער שוסטער און אַלץ וואָס ער האָט דורכפילאָזאָפירט, זיצנדיק אויפן בענקל, האָט ער געמוזט איבערקייען. און טאַקע דערפאַר, ווען ער האָט נאָר באַמערקט אַ דורכגייענדיקן באַקאַנטן, פלעגט ער מאָמענטאַל אַוועקלייגן די אַרבעט און מיט אַ מאַך מיט דער האַנט, פאַרהאַלטן דעם פאַרבייגייער, וויסנדיק פאָרויס, אַז יענער וועט אים אויסהערן.

יוספן האָט מען געמוזט אויסהערן, אַפילו ווען דו האָסט נישט קיין צייט. זיין סימפּאַטיש בלאַסלעך פּנים, מיט די קליינע האַלב־וואָנצעלעך און תמיד שמייכל־דיקע אויגן, האָבן געווירקט, אַז מע האָט זיך געמוזט אָפּשטעלן און אויסהערן דאָס, וואָס ער פלעגט יאָרנלאַנג באַשולדיקן די גאַנצע מענטשהייט: „ווו איז דער אמת?" אַ שווערער פּראָבלעם, וואָס עקזיסטירט אַזוי לאַנג ווי די וועלט

און וואָס קיינער וועט אים נישט לייזן, בעיקר דערפאַר, וואָס קיינער איז נישט פאַראינטערעסירט עס צו לייזן אויסער איין יחיד במינו, יוסף ווייס. איין קליינ־קייט! „דער אמת!" צוליב דעם האָט יוסף פאַרמאָגט אַזש דריי נעמען: יוסף ווייס, יוסף שוסטער, און יוסף דער אמת־זוכער.

פיל מאָל איז מיר אויסגעקומען אויסצוהערן זיינע טענות:

„נו, זאָג אַליין, ראובעלע, איז ריכטיק אַזוי? אַז דער אמת זאָל ליגן ניין איילן טיף אין דער אדמה?" דערביי פלעגט ער מיר אַריינקוקן אין די אויגן און וואַרטן אויף מיין הסכמה.

„וואָס איז געשען, ר' יוסף, האָט זיך עפּעס פאַרלאָפן גאַנץ ספּעציעלס?" פלעג איך אים פרעגן גאַנץ געלאַסן, אַזוי ווי כ'וואָלט קיין מאָל נישט געקאָנט זיינע אָנגעוווייטיקטע פּראָבלעמען.

„וואָס איז? האָסט נישט געהערט, אַז דער נייער רב האָט געפאָדערט פון גוטמאַן ראָזנבלום צו שליסן דעם סקלאַד אום שבת? כע, כע", — פלעגט ער אַ ביסל אונטערלאַכן און באַלד צוגעבן — אַזאַ ייד ווי פאַן ראָזענבלום, אַ דאָזאָר אין שטאָט, אַ גביר. מע שמועסט דאָך, אַז ער האָט אַמאָל געהאַט היתר־הוראה. ער זאָל נישט פאָלגן דעם רב? כע, כע!"

„וואָס איז?" — פלעג איך אים געלאַסן אַריינשמועסן — „וואָס גייט עס אייך אָן? ווי מיר דוכט זיך, האַלט איר דאָך ווייניק פון די דאָזיקע מעשיות".

„ניין, ניין" — פלעגט ער מיר איבעררייסן — „דער גאַנצער „קלעריקאַל" גייט מיך אָן ווי דער פאַראַיאָריקער שניי. אָבער וואָס איז די ריכטיקייט? ווו איז דער אמת?" ביים וואָרט אמת, ווערט יוסף גאַנץ ערנסט.

אַ סך מאָל איז מיר אויסגעקומען אַריינצולאָזן זיך אין אַ שמועס מיט אים על רגל אחת און יעדעס מאָל פלעגט ער צופּאַסן זיין אמת־זוכן צו די אַקטועלע געשעענישן. אַ געוויסן טאָג האָט עפּעס אַ פרעמד יינגל געזאַמלט געלט פאַרן קרן־קיימת. שפּעטער איז מען געוואָר געוואָרן, אַז זיינע קבלהס זענען פאַלשע. צו מיין „גליק" כאַפּט מיך ר' יוסף.

„האַ, ראובעלע? כע, כע, האָסט געהערט אַ מעשה? פע, אַ באַנדע גנבים און שווינדלער".

„ווער?" — פרעג איך תמעוואַטע ווייל כ'האָב שוין געפילט אינסטינקטיוו. פון וואַנען עס נעמען זיך זיינע טענות.

„ע, ראובעלע, דו מאַכסט זיך „כילע יאָדע"? איך זאָג דיר, אַז ס'איז אַ באַנדע גנבים און שווינדלער, אָסור מיר, צי איין גראָשן קומט אָן אַהין".

„וואָס גייט עס אייך אָן, ר' יוסף? מיר דוכט זיך, אַז איר גיט קיין מאָל נישט קיין גראָשן פאַרן קרן־קיימת?"

„ניין, ניין", — רייסט ער מיר איבער — „מיר גייט אין דעם, אַז ווען מענטשן גיבן, דאַרף עס זיין אין אָרדענונג, פאַרשטייסט? דער אמת מוז זיגן!"

„עך, ר' יוסף" — זאָג איך צו אים — „איר טרייבט אַ ביסל איבער. אָט, למשל", — קלער איך אים אויף — „די ערד וואָס די יידן האָבן שוין אויסגע־

קויפט פאַר די געזאַמלטע געלטער, די קיבוצים וואָס זענען אויפגעשטעלט אויף דער דאָזיקער ערד ?"

אָבער יוסף לאָזט זיך נישט איבערשפּאַרן. „דאָס — זאָגט ער — איז אַלץ געקויפט געוואָרן פון באַראָן ראָטשילדס געלטער, פאַרשטייסט ? און דאָס אַלץ, וואָס ווע־ט דאָ געזאַמלט, איז כולו גניבה. קיין איין און איינציקער גראָשן קומט נישט אָהין. כע, כע".

יוסף שוסטער וויטיקט מיט אַלע געשעענישן. סיי ביי דער „טשיסטקע" אין רוסלאַנד, סיי ביי די פּאָגראָמען אין ארץ־ישראל און סיי פון דעם, וואָס דער נייער רב ווערט באַהאַנדלט אַזוי גוט אַפילו פון דעם אַמאָליקן קאָמוניסט, נח באָרענשטיין, בשעת דער אַלטער רב האָט געמוזט, נעבעך, תמיד אונטערהונגערן.



רבקה בת יוסף ויס ז"ל

איין מאָל, אין אַ שמועס מיט אים על רגל אחת, האָט יוסף ממש געברענט. עס האָט זיך דאָן געהאַנדלט וואָס די פרומע קרייזן האָבן נישט געוואָלט, אַז קאָזשעבראָצקי זאָל אָנפירן מיט דער יידישער שולע, ווייל ער איז נישט מקפיד אויפן שולחן־ערוך :

„וואָס ווילן זיי פון אים האָבן, די חסידאָקעס ? כע, כע, און זיי אַליין זענען יאָ אין אָרדענונג ? אָסור מיר, צי איין וואָרט אמת גייט אַרויס פון זייער מויל. אַזאַ קאָזשעבראָצקי" — הייבט ער אָן צו טוישן זיין שטימע שוין מיט פאַרביטע־רונג — „אַ מענטש אַ שטילער, גייט זיך זיין וועג, לערנט קינדער און אַליין קומט ער קוים אויס. נו, איז דאָס ריכטיק, האַ ? ווו איז דער אמת, און טאַקע אַזוי, ראובעלע ?"

„ר' יוסף, איר ווילט הערן אַ גוט וואָרט ?" — זאָג איך צו אים.

זיין בלאַס פּנים הייבט אָן צו ווערן אַ ביסל רויִקער און אַ שמייכל באַווייזט זיך. „אַ גוט וואָרט בין איך אַלע מאָל גרייט צו הע־ן. פאַרוואָס נישט ? כע, כע".

„ווײסט איר, ר׳ יוסף, פאַרוואָס עס איז דעם אמת שווער אַרויסצוזאָגן?״

„טאַקע פאַרוואָס? אדרבא, טאַקע פאַרוואָס״ — פאַלט ער מיר אַריין אין די רייד — ״אדרבא, לאָמיר הערן״.

„ווייסט איר ווי אַזוי מען שרייבט דאָס וואָרט „אמת״?״ — פרעג איך אים.

„כע, כע״ — צעלאַכט ער זיך „פאַרוואָס נישט? מע שרייבט עס „ע־מ־ע־ס״.

„דאָס״ — זאָג איך — „איז דער רוסישער אמת, אָבער דעם יידישן אמת שרייבט מען „א־מ־ת״.

אָבער יוסף לאָזט זיך נישט אַזוי שנעל אָפּפאַרטיקן. „נאַ דיר אַ קאָפּיקע פאַר דעם רוסישן „עמעס״ מיט דעם יידישן „אמת״.

איך לאָז אים אויסלאָדן זיין אָנגעווייטיקטן כעס און גיב אים צו פאַרשטיין, אַז איך בין נאָר אויסן צו זאָגן אַ גוט וואָרט.

„נו, גוט, גוט, כע, כע, — גיט ער אַ האַק אָפּ — לאָמיר שוין הערן, אדרבא״.

איך גיב אים צו פאַרשטיין, אַז דער אלף שטייט באַלד אין אָנפאַנג פון דעם אלף־בית; דער „מעם״ געפינט זיך אין מיטן און דער „תיו״ איז גאָר צום סוף. און דערפאַר איז עס שווער צו זאָגן דעם אמת, ווייל מען מוז צוזאַמענשלעפּן אַלע דריי אותיות מיט אַ מאָל.

עס געפעלט אים דער ענין. עס צעשמייכלען זיך זיינע אויגן; ער שוויגט אייניקע סעקונדעס און זאָגט שטיל: „טאַקע אַזוי, טאַקע אַזוי״. איך לאָז אים אָבער נישט אַריינפאַלן אין התפעלות און דערלאַנג אים ווייטער.

„און ווייסט איר, ר׳ יוסף, פאַרוואָס עס איז אַזוי לייכט אַרויסצוזאָגן דעם שקר? דאָס ווייסט איר אפשר?״

„אַ וואַזשנע מעשה״ — האַקט ער מיר איבער — „ליגנט זאָגן איז אַ קונץ? די גאַנצע וועלט זאָגט עס, כע, כע״. יוסף איז תמיד צופרידן ווען ער קאָן באַשולדיקן די „גאַנצע וועלט״. אָבער איך לאָז אים נישט צורו און קלער אים אויף געלאָסן.

„ר׳ יוסף״ — פרעג איך אים — „ווי אַזוי שרייבט מען „שקר״ ווייסט איר?

„נו, ראובעלע, זאָג שוין, זאָג שוין. אַ נפקא־מינה ווי אַזוי מע שרייבט. דער עיקר, די גאַנצע וועלט שטייט אויפן שקר״.

„אַלזאָ״ — זאָג איך אים — „שקר״ שרייבט מען „ש־ק־ר״. און די דריי אותיות שטייען צוזאַמען אין דעם אלף־בית און דערפאַר איז עס אַזוי לייכט אַרויסצוזאָגן״.

יוסף בלייבט רואיק אייניקע סעקונדן און הייבט אָן צו מורמלען דעם אלף־בית. ווען ער קומט צו די אותיות „ק־ר־ש״ בלייבט ער שטיין פאַרקלערט און פרעגט מיך געלאָסן: „ווי אַזוי שרייבט מען „שקר״? טאָ פאַרוואָס זאָגט מען אין אלף־בית ק־ר־ש? ע, ראובעלע״ — צעלאַכט ער זיך — „עפּעס שטימט דאָ נישט״.

איך דערפיל, אַז איך מוז דעם ייד עפּעס אויפקלערן אָדער צוקלערן, אַז נישט, איז מיין גאַנצער פּרעסטיזש פאַרלאָרן. ער שטייט אַנטקעגן מיר מיט אַ

שמייכל פון נצחון. איך פאַרשטיי, אַז איך מוז שנעל געפינען פאַר אים אַן ענטפער. עס פאַלט מיר איין אַ געדאַנק און איך זאָג צו אים מיט אַ זיגערישן שמייכל:

„פאַרשטייט איר מיך, ר׳ יוסף; אַז דער, וואָס וויל זאָגן אַ ליגן, גיבן זיך אים די דריי אותיות ק־ר־ש אַזוי שנעל אַ שטעל אין דער רייע, אַז באַלד קומט אַרויס אַ פאַרטיקער שקר״.

יוסף בלייבט שוין פאַרגאַפט און צעשמייכלט זיך מיט זיין געלעכטערל און גיט צו באַלד געלאַסן: „יאָ, אַזוי איז עס, אַז מען קומט אַרויס פון קאָזשע־בראָצקיס חדר האָט מען שכל״ — און פלוצלינג ווערט ער ערנסט און פרעגט: „זאָג מיר, ראובעלע, צי רעדט ווען אַמאָל דער „לערער״ שקר? מיר דוכט



קבוצת נוער ביער קומורוב בפרושקוב

זיך, אַזאַ מענטש דאַרף יאָ זאָגן דעם אמת״. אָבער יוסף דער אמת־זוכער, דער, וואָס באַשולדיקט די גאַנצע וועלט אין שקר, האָט באַלד חרטה אָפּצושוואַכן זיין פילאָזאָפיע אַפילו פאַר קאָזשעבראָצקין, פאַר וועלכן ער האָט גרויס דרך־ארץ.

„עך, ווייס איך וואָס. כע, כע, טאָמער זאָגט ער יאָ אמת מוז עס אויך פאַר־מאָגן אַ ביסל שקר. ניין, נישטאָ קיין אמת! נישטאָ און פאַרטיק. כע, כע!״

און ווי לאַנג איך געדענק אים האָט ער זיך קיין מאָל נישט געביטן און וועגן וואָס מ׳זאָל נישט רעדן האָט ער געמוזט אַנרירן דעם אַנגעוויייטיקטן פּראָבלעם פון אמת. אָבער טראָץ דעם, וואָס ער פלעגט באַשולדיקן די גאַנצע וועלט, פלעגט

ער צום סוף פֿאַרענדיקן מיטן דאַזיקן זאַץ: „הערט, מענטשן, דער אמת מוז זיגן. ער מוז. כע, כע״.

*

1939. די דייטשן דרינגען אַריין קיין פּוילן און אַט, אַט, זענען זיי שוין ביי וואַרשע. ביי אונדז הייבט זיך אָן אַ באַוועגונג פֿון אַנטלויפֿן, צו מזרח. פֿיל לויפֿן קיין וואַרשע און בלייבן דאָרט שטעקן. מ׳מאַכט דורך דעם גיהנום פֿון דעם באָלאַגערטן וואַרשע. אָבער נאָך דריי וואָכן גיט זיך די שטאָט אונטער און איך לאָז זיך אַרויס פֿון צווישן די חורבות צו זען, וואָס עס איז געבליבן. דאָס בילד איז שרעקלעך. איך קום צו צום אייזערנעם טויער און איך זע, ווי ביי אַ געפֿאַלענעם הויז שטייען מענטשן שטום, מיט פֿאַרוויינטע פּנימער פֿון צער און צאָרן. איך שטעל זיך אָפּ און פּלוצלינג דערזע איך יוסף שוסטער.

אין ערשטן מאָמענט האָב איך אים נישט דערקענט. זיין שטענדיק בלאָס געזיכט האָט געהאַט דעם קאָליר פֿון טונקעלן אַש; זיינע אויגן זענען געווען ווי אויסגעלאָשן; די קורצע, שוואַרצע וואָנצעלעך אין גאַנצן ווייס און געשטאַנען איז ער שטיל ווי נישט לעבעדיק. איך האָב זיך אינסטינקטיוו דערנענטערט צו אים און געוווסט, אַז ער האָט דאָ, צווישן די חורבות פֿאַרלוירן עמעצן. איך האָב אַרויפֿגעלייגט מיין האַנט אויף זיין אַקסל. ער האָט אַפֿילו קיין ציטער נישט געטאָן. שטיל פֿרעג איך אים: האָט עפּעס פּאַסירט, ר׳ יוסף?״ אַנשטאָט אַן ענטפֿער האָט אַ שטראָם טרערן זיך אַ לאָז געטאָן פֿון זיינע אויגן און אָנשפּאַרנדיק — כמעט פֿאַלנדיק — זיין קערפּער אויף מיר, זאָגט ער כליפּנדיק:

„דאָ ליגט מיין טייער וויבל, דאָס איז דער טרויעריקער אמת, ראובלה״. און אַנשטאָט דעם אַמאָליקן „כע, ע״, האָט זיך אַ טיפֿער קרעכץ געלאָזט הערן פֿון אים.

יוסף יערעמיאַש

## מיין שטעטל נאַדאַזשין

אונדזער שטעטל, נאַדאַזשין, האָט אַ געשיכטע פֿון פֿיל יידישע דורות. ווי אַלט דאָס יידישע נאַדאַזשין איז געווען ווייס איך נישט גענוי, נאָר עס איז מיר באַוווסט, אַז מיינע זיידעס זענען שוין דאָרט געבוירן געוואָרן. די קהילה איז געווען אַמאָל אַ גאַנץ גרויסע, נאָר זי האָט זיך פֿאַרקלענערט אין די לעצטע 2—3 דורות, צוליב די פֿאָלגנדיקע סיבות: זי איז געווען ווייט פֿון דער באַן־ליניע און אויך נישט געהאַט קיין גוטן שאָסיי; קיין אינדוסטרי האָט זיך צוליב דעם נישט אַנטוויקלט און די שכנותדיקע שטעט, צווישן זיי פּרושקאָוו, האָבן אָנגעהויבן קאָנקורירן מיט אונדז.

זיי האָבן אויך אָפּגעצויגן פון אונדז אַ גרויסן טייל פון דער יידישער יוגנט, וואָס האָט נישט געזען פאַר זיך קיין צוקונפט אין נאַדאַזשין.

אַחוץ דעם האָט אויך נאַדאַזשין געליטן פון עטלעכע ריזיקע שריפות. איך געדענק נאָך די גרויסע שריפה פון 1902, ווען עס זענען פאַרברענט געוואָרן אַלע הילצערנע געביידעס און עס איז שטיין געבליבן נאָר די געמויערטע קירכע און עטלעכע הייזער אַרום איר. עס איז אויך דאַן פאַרברענט געוואָרן די אַלטע שול, מיט אירע פּראַכטפולע מזלות און אַנדערע קינסטלערישע צייכענונגען אויפן סופית.

די לעצטע צענדליק יאָרן, האָט דאָס יידישע נאַדאַזשין „פּראָדוצירט" הויפּט־זעכלעך כלות און חתנים פאַר די אַרומיקע קהלות און ספּעציעל פאַר פּרושקאָוו, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן שנעל אַנטוויקלען אַ דאַנק איר נאָענטקייט צו דער באַן־קאָמוניקאַציע.

פיל נאַדאַזשינער בעלי־מלאכות זענען אַוועק אַרבעטן קיין וואַרשע. צווישן זיי מאיר ווייצער, יעקב יערעמיאַש, מאיר הערינג א״אַ. צוריקקומענדיק פון־צייט־צו־צייט, האָבן זיי מיט זיך מיטגעבראַכט דעם רעוואָלוציאָנערן גייסט פון יענע יאָרן, ספּעציעל אין 1905. זיי האָבן עס אויך אָנגעהויבן די געזעלשאַפטלעכע אַרבעט אין נאַדאַזשין.

די יידישע באַפעלקערונג איז דאַן באַשטאַנען פון אַ 70 משפחות, נישט גענוג פאַר אַן אינטענסיווער טעטיקייט. האָבן דעריבער די אָרגאַניזאַטאָרן אַריינגעצויגן אויך 11—12־יאָריקע יינגלעך און מיידלעך. איך געדענק ווי די פּראָפּאַגאַנדע האָט אויף מיר אָנגעהויבן ווירקן אַלס קליין יינגל. איך האָב געוואָלט באַפרייען באַלד די גאַנצע מענטשהייט פון אירע ליידן און נישט פאַרשטאַנען פאַרוואָס אַנדערע זענען אַזוי פּאַסיוו. ספּעציעל האָט מיך פאַרדראָסן, פאַרוואָס אַזאַ תלמיד־חכם ווי אברהם־יחיאל הורוויץ, שטייט נישט בראש פון די רעוואָלוציאָנערן? אַנשטאָט דעם, האָט ער גאָר געחלומט וועגן דעם הייליקן לאַנד און וועגן די הייליקע צדיקים וואָס דאַרפן אויסלייזן די זינדיקע נשמות פון זייערע אפּיקורסישע, רעוואָלוציאָנערע מחשבות.

ביי איטשע „קוואַשניק" האָט געאַרבעט אַן איינציקער אַרבעטער, משהלע. האָט די „אָרגאַניזאַציע" מיך געשיקט צו ר׳ איטשען מיט דער פאָדערונג ער זאָל העכערן משהלעס לוין. ר׳ איטשע האָט מיך רואיק אויסגעהערט און געהייסן מיך, דעם „סמאַרק", אויסצווישן די נאָז און אַרויס פון זיין שטוב. צומאָרגנס בין איך אַדורכגעגאַנגען נעבן דעם געוועלב פון שלמה חוה־לאהס. ר׳ שלמה, דער דאָזיקער פון שטעטל, איז זיך געזעסן נעבן דעם געוועלב. דערזעענדיק מיך האָט ער מיך צוגערופן און געפרעגט ווי אַזוי קאָן איך זיין אַ „שטרייקער", אַז איך בין נאָך נישט געווען בכלל קיין אַרבעטער? איך האָב אים אויפגעקלערט, אַז ווען עס וועט זיין גלייכהייט וועט אויך הערשן ברידערלעכקייט און עס וועט זיין בעסער פאַר אונדזערע קינדער און קינדס־קינדער. דאָ האָט זיך ר׳ שלמה הויך צעלאַכט און מיר געזאָגט: „הער אויס, דו צוציק! אלס אַ שטרייקער וועסטו דאָך לבסוף געהרגעט

